# FABLEN



Nochum Yerusalemchick







# פאבלען

פון

נחום י.

ספעציעלע אויסגאבע
פאר דעם ארבייטער רינג

ניו יארק, 1924

# אינהאלט

## אריגינעלע פאבלען:

## איבערזעצונגען פון קרילאָוו און פאַרשיידענע באַארבעטונגען

# אילוסטראציעס

פון

א. אבראמאָוויטש

ז. מאוד

י. קאטלער

מ. שוער

פיין פרעס, 123 א. 18טע גאַס, נ. י.





אַן אימפּרעסיע וועגן פּאַבלען



דער אָדלער און די הינער



דער אדלער און די הינער



א צופאל



די מויז און דער לייב

XXIX



די סטראשידלע



א פאבל ווי אזוי דער האָז איז בארימט געוואָרן




א טרויעריגע פאבל




די קאַץ און דער נאַכטיגאַל



די וועלף און די שעפסן




דער האָז

# דער אָדלער צווישן הינער

געקומען איז אמאָל דעם אָדלער א געדאנק
אראָפּצעפּליען אויף א הויף מיט הינער.
(עס טרעפט אמאָל מלכים האָבען א פארלאנג
צו זיין אביסל צייט צוזאמען מיט די דינער;)
און וועגן דעם דער קלאנג
האָט איבער הויף זיך שנעל צעטראָגן:
א קלייניקייט צו זאָגן,
עס דארף דער אָדלער קומען!
און אלע האָבן זיך גענומען
אָן אָרדענונג צו מאכן דאָרט אין הויף;
און ס'איז געוואָרן גלייך א טומל, א געלויף —
עס קומט דער מלך.
נאָר זאָגן, אז די הינער זיינען פון דערויף
געוועזן זייער פריילאך,
וואָלט מיט דעם אמת ניט געשטימט דוכאוים:
דער אָדלער איז אזוי באַרימט און גרויס,
אים אויפצונעמען איז א זאך א שווערע . . .
ס'איז טאקע גרויס די ערע —
נאָר גרעסער נאָך דער שרעק;

און,ווירקלאך, אַלע האָבן זיך געפילט דערשראָקן:

די קוואַקעס האָבן אויפגעהערט צו קוואַקן,
דער עלטסטער האָן האָט אויך אַראָפּגעלאָזט דעם עק,
די יונגע קרייער זיינען שטיל געבליבן,
די חוצפּה'ניקעס האָט מען ערגעץ-וואו פאַרטריבן
און צוגעגרייט אַלץ האָט מען ווי עס פּאַסט,
מיט כבוד, אויפצונעמען דאָרט דעם הויכן גאַסט.
נאָר ווי מיר ווייסן דאָך, — איז בלויז
די ערשטע טעג די אימה און דער אָפּשיי גרויס, —
און נאָכדעם ווערן מיר צו יעדן גאַסט געוואוינט;
(ער מעג אפילו מיט באַרימטקייט זיין געקרוינט . . .)
קורץ, ניט אַריבער זיינען קיין צוויי וואָכן,
איז ניט נאָר וואָס מען האָט דעם אָדלער ניט געשוינט,
מען איז אים פּשוט אויפן קאָפּ געקראָכן!
נאָך מער, —
עס איז אַפילו שווער
צו גלויבן —
נאָר אָפּטמאָל פלעגט אַ הינדל זיך דערלויבן
אַ שטויס צו טאָן אים כאַפּנדיק דאָס עסן;
די הינער האָבן גאָר פאַרגעסן,
אַז ס'איז מיט זיי אַן אָדלער — ניט קיין הון . . .
דער אָדלער אָבער האָט געוואוסט דערפון,
און האָט פון קלייניקייטן ניט געמאַכט קיין וועזן:
משטיינס-געזאָגט — צו הינער פילן אַ פאַראַכט . . .
נאָר ווען צו זיין מיט זיי האָט אים דערעסן,
האָט ער מיט אָדלערישן שוואונג און מאַכט
די גרויסע פליגל זיינע ברייט צענומען,
און איז צום בלויען הימל־הויך אַוועקגעשוואומען . . .

---

דער אויספיר איז דאָ, דוכט מיר, זייער קלאָר:

פארוווילט זיך נאָר דעם אָדלער פליען,
באדארף ער זיך אַ האָר
ניט מיען; —
אַ הייב, —
און ווידער איז ער ווייט פון הינער און פון שטויב . . .

# דער זשוק און דאָס פּלאַטערל

א זשוק וואָס האָט געלעבט א לאַנגע צייט
צוזאַמען מיט א פּלאַטערל א שיינעם,
(ס׳הייסט, אייגנטלאך, ניט גאָר אינאיינעם, —
נאָר ביי דעם זעלבן בוים ניט ווייט . . .)
האָט איינמאָל זיך געטראָפן מיט זיין שכן
און האָט מיט אים פארפירט א שמועס: פון דער וועלט,
פון קומענדיקן ווינטער מיט זיין קעלט, —
צום סוף איז ער אזוי פארקראָכן
אין זיינע רייד,
אז ער האָט ווייט און ברייט
גענומען מוסר׳ן דעם פלאַטערל אליין:
— „איך קאָן דאָס ניט פארשטיין,
און וויל דו זאָלסט מיר זאָגן,
פארוואָס זאָלסט דו זיך שטענדיק טראָגן
אליין, אהין און הער אָן ציל,
א פרייער,
און סוף כל סוף די פליגל אָנווערן ביים פייער . . .
דו האַלטסט, ווייזט אויס, דאָס לעבן פאר א שפּיל!
ביי מיר קומט אויס, — פון פייער דארף מען וויכן;

צו זיך, פאַרשטייסט דו, קאָן איך דיך דאָך ניט פאַרגלייכן,
דען גיב אַ קוק ווי איך בין פעט און דיק, —
נאָר נעם אַ ביישפּיל פון אַ פליג!
איך האַלט דיך גאָר ניט ערגער פון די פליגן,
דו קאָנסט דאָך אויך, ווי זיי, ביי יעדן בערגל מיסט
דיין אויסקומעניש קריגן, —
און ניט ביים פייער אומקומען אומזיסט!" . . .
— „מיין ליבער זשוק", — האָט מיט געפיל
דאָס פלאַטערל אים אָפּגעענטפערט שטיל, —
„ווען דו וואָלסט טיפער טאָן אַ קוק, וואָלסט דו אליין
פאַרשטיין,
אַז ס'איז דיין עצה מיר ניט נויטיק:
איך קאָן ניט לעבן דאָרט וואו פינסטער איז און קויטיק" . . .

# די געלערנטע קאַץ

א מאַן האָט אומגעפּירט אין מאַרק
א קאַץ, און ניט אַבי א וועלכע, —
ס'איז זעלטן, ווען מען טרעפט גאָר קעץ אַזעלכע:
זי איז געווען געבילדעט שטאַרק,
און האָט געקאָנט זיך קוליען, שפּרינגען,
א לאַנגע צייט אַליין
אויף הינטער-פיסלאַך גיין,
און אין א גלעקל קלינגען;
אַזעלכע שטיק האָט זי געקאָנט א סך,
און האָט צום וואונק פאַרשטאַנען יעדער זאַך.
(מיט דעם
האָט זיך די קאַץ געמאַכט א גרויסן שם).
דער עולם האָט געקוקט, געלאַכט
און נייגעריק די קאַץ באַטראַכט
פון אַלע זייטן;
נאָר איינער, וועלכער איז געשטאַנען פון דער ווייטן,
(ער האָט ווייזט אויס, געהאַט אַביסל שכל),
איז מיט א שמייכל
אוועק, און האָט געבראַכט פון הויז

א פּאַסטקע מיט אַ לעבעדיקער מויז;
און האָט אַרויסגעלאָזט דאָס מייזל, ווען די קאַץ
האָט, גייענדיק אויף הינטער־פיסלאַך מיט אַ טאַץ,
ביי די אַרומיקע דאָרט געלט געקליבן.
ווי נאָר זי האָט דערזען דאָס מייזל — באַץ!
איז פון איר בילדונג גאָר קיין זכר ניט געבליבן, —
די קונצן זיינען גלייך ביי איר פון קאָפּ אַרויס
און זי, אַן אויסגעצויגענע אין גאַנצער גרויס,
האָט זיך אויף אַלע פיר געלאָזן נאָך דער מויז . . .

---

מען טרעפט אַזוינע לייט גאַנץ אָפט אין לעבן,
זיי האַלטן זיך אַזוי — וואָס בעסער קאָן ניט געבן,
צו זייער בילדונג, דוכט זיך, איז ניטאָ קיין שאַץ, —
דאָך זיינען זיי ניט בעסער פון דער קאַץ.

# דער יונגער און דער אַלטער הונט

צוויי הינט געלעבט צוזאַמען האָבן אויף אַ הויף;
פון זיי איז איינער
געווען אַ יונגער און אַ שיינער:
די אויערן — געשטאַרצט אַרויף,
דער עק — אַ בויגל אַ פאַרדרייטער,
די פעל ווי סאַמעט גלאַט,
דערצו האָט ער אַ שיינע שטימע אויך געהאַט...
דער הונט, דער צווייטער
איז זייער ווייט געווען פון שיין:
ער פלעגט אַביסל צוהינקען ביים גיין,
די אויערן געהאַנגען זיינען פון זיין קאָפּ
אַראָפּ,
דער ווידל האָט ביי אים געפעלט (צי פון געבאָרן,
צי האָט ער אים איז קאַמף פאַרלאָרן, —
דאָס האָב איך ניט געקאָנט דערגיין.)
זיין פעל — אַ קאָלטן,
און ווי איר זעט דורכאויס ניט שיין...
אים אָבער האָט אין יעדער זאַך געגאָלטן;
ער פלעגט אַליין

די בעסטע שטיקלאך כאפן,
און איז געווען א מאדים צו דערטאפן
א פעטן ביין, —
און זעלטן ווען עס פלעגט אים עפעס אנדערש ארן;
(ער האט די הינטיש וועלט געזען
און איז געווען
געגנוג דערפארן) . . .
דעם יונגן פלעגט דאס קאסטן פיל געזונט,
וואס ער, א יונגער און א שיינער,
א העזהניק, א יונג מיט ביינער,
זאל שטענדיק וויניקער באקומען פון דעם אלטן הונט.
פארוואס! — פלעגט ער אלץ קלערן,
ביז איינמאל האט ער זיך דערטראכט,
אז ס׳מוז זיין עק אים שטערן;
דעריבער נעמענדיק די זאך אין אכט,
האט ער באשלאסן פון דעם וויידל פטור ווערן.
געוויינטלאך, ווי איר שטעלט זיך פאר,
איז טראכטן וועגן דעם אפולע גרינגער
ווי טאן דאס אויפן וואר . . .
דערמאנט זיך גאר,
איז לייכט דען נעמען אפצעבייסן זיך א פינגער?
נאר ריידנדיק צוריק,
וואס טוט מען ניט צעליב ערפאלג און גליק,
און איבערהויפט צעליב א פעטן ביסן! . . .
קורץ איינמאל אין דער פרי,
האט זיך דער יונגער הונט מיט וויטיק און מיט מי
זיין שיינעם וויידל צווישן טויער אפגעריסן . . .

---

גאנץ אפט אין דעם פארלאנג צו ווערן שטארק און גרויס
פארלירן אט-אזוי-א יונגע שנעקן

די אומשולדיקע שיינע עקן
און פירן נעבאך גארנישט אוים:
געניטקייט, שכל און דערצו נאך שארפע ציינער
באזיצט ניט יעדער איינער.

# די פליג אויף אַ חתונה

מען האָט פון שטוב אוועקגעפירט די חתן-כלה;
פאַרשטייט זיך, אַז ניט אַלע
געגאַנגען זיינען צו דער חופה זיי באַגלייטן:
מען דאַרף דאָך פאַר די געסט די טישן גרייטן!
אַ פליג, וואָס האָט פון קליינווייז אויף
זיך אויפגעהאָדעוועט אין יענעם הויף,
איז אויך אין שטוב פאַרבליבן,
מיט די וואָס האָבן דאָרט די טישן צוגעקליבן.
(אָן איר, האָט זי געמיינט, וועט מען זיך ניט באַגיין).
מען קאָן פאַרשטיין,
ווי גרויס
דער טומל איז געוועזן דאָרט אין הויז,
ווייל אין אַ קורצער צייט
איז שווער אַלץ אָנצוגרייטן פאַר אַזוי פיל לייט;
די סאַרווערס זיינען אומגעלאָפן הין און הער,
די פליג האָט נאָכגעטאָן זיי יעדן ריר און קער:
באַגלייט ביז דער טיר פון קיך,
דערנאָך, אויף גיך,
צוריק צום טיש.

פאַרזוכט די פּיש,
נעגריבלט זיך, געשנאָרעט
אין יעדער זאַך געפּאָרעט,
געזשומעט מוראדיק דערביי,
זיך אומגעדרייט, און ווידער פון דאָס ניי
אַרומגעקוקט דעם אויבן־אָן . . .
הכלל, — זי האָט געהאַוועט און געטאָן,
און אויף אַ רגע זיך ניט אויסגעגלייכט אַ פּיסל.
ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט, האָט אונדזער פליג, —
געוויינטלאַך בא אַ פולן שיסל,
דערלויבט זיך אָפּצערוען אויך אַ ביסל,
און האָט אַ זאָג געטאָן: — „נו, דאַנקען גאָט, מיט גליק,
זיי מעגן קומען שוין צוריק;
ס'איז דאָ אַלץ פּאַרטיק אויף דעם שענסטן אופן,
נאָר לאָמיך זיי אַנטקעגן לויפן:
איך קאָן זיי דאָרטן אויך געווים
אַרויסהעלפן מיט וואָס ניט איז“ . . .
און אַ צופרידענע מיט זיך
און מיט דער אַרבעט, וואָס זי טוט פון לייטנס וועגן,
איז זי אויף גיך
אַוועקגעפלויגן זיי אַנטקעגן . . .

# דער יונגער האָן

א יונגער האָן, וואָס איז געווען אנטציקט
פון דעם וואָס ער האָט אָנגעהויבן קרייען,
איז אויף א פּלויט, ביים וועג וואו אלע גייען,
ארויפגעשפּרונגען גאַנץ געשיקט
מיט א געוואַלד: — „קומט הערט, ווי גאָט האָט מיך באגליקט!
הערט אוים מיין קלאַנג, מיין טאָן!
איר וועט געווים מיך זעצן אויבן-אָן
פאַר מיין געזאַנג . . . מען הערט גאָר ניט אזוינע טענער
ביי אלע אלטע הענער!" . . .
צו הערן עפּעם נייס, איז אויף דער וועלט
פאַראַן א סך בעלנים.
געוויינטלאַך האָבן זיך געפונען היבש נאַראָנים
וואָס האָבן זיך געשטעלט
א ווײלע אויסהערן דעם הענדל.
דער יונגער האָן באַטראַכט האָט אלעמען גאַנץ שאַרף,
אוועקגעשטעלט זיך ווי מען דאַרף
(א קלייניקייט, א קריי א רענדל.)
און מיט די פליגל אָנגעקלאַפּט;
נאָר דאָ . . . פון שרעק, האָט אים דעם אָטעם גאָר פאַרכאַפּט . . .

און ווי דאָס הענדל האָט זיין קעפּל ניט געצויגן,
אַראָפּגעלאָגט און אויפגעשטעלט דעם עס,
אין שרעק
פאַרמאַכט און אויסגעגלאָצט די אויגן, —
אַרויסברענגען אַ טאָן
האָט דאָך אים ניט געלונגען;
און בלייבן שטיל איז דאָ מיין האָן
געווען נעבאַך געצוואונגען

---

מיין יונגער העלד!
ווען דו וואָלסט שוין געקרייעט גלייך מיט אַלע הענער,
און זאָל שוין זיין, אפילו, שענער,
וואָלסטו דאָך אויך ניט איבעראַשט די וועלט.

# די רויז און דער וואָרים

א שיינע רויז האָט שטאָלץ געבליט אין גאָרטן
און מיט איר פּראַכט באַצירט דעם גאַנצן פּלאַץ אַרום;
און ערגעץ דאָרטן,
גאָר אונטן ביי די וואָרצלען פון דער בלום,
דער זעלטן שיינער,
אַרומגעקראָכן איז אַ וואָרים גאָר אַ קליינער;
און ציענדיק זיין קאָפּ
אַרויף-צו און אַראָפּ,
האָט ער זיך צו דער רויז געווענדט מיט גיפט:
— „וואָס ביזט דו שטענדיק נאָר פאַרטיפט
אין זיך אַליין?
דו האַלטסט זיך גרויס מיט דעם וואָס דו ביזט שיין!
דאָך דאַרפסט דו ניט פאַרגעסן,
אַז איך, — אַ וואָרים בלויז, — נעם ווייניק וואָס אין אַכט
דיין שיינקייט און דיין פּראַכט, —
און ווען מיר ווילט זיך עסן“ . . .

---

**איך ווייס ניט ווער פון זיי איז ווירקלאָך גרויס, —**
**נאָר אָך און וויי איז צו דער רויז . . .**

# די גאַנדז און דער האָז

אַ גאַנדז האָט זיך געפּאַשעט אויף די גראָז
מיט אירע גענדזעלאַך די קליינע;
פון ערגעץ-וואו אַרויסגעשפּרונגען איז אַ האָז,
צו אָנקוקן די וועלט די שיינע:
ס׳איז גרין אַרום געווען
און וואַרעם . . .
ווי נאָר די גאַנדז האָט אים דערזען,
נו-נו, האָט זי דאָס אויפגעהויבן דאָרט אַ ליאַרעם!
האָט אויסגעשטרעקט פאַראויס
דעם האַלדז אין גאַנצער גרויס,
געלאָזט זיך לויפן מיט אַ כריפּן
און שיפּן,
נאָר גלייך, ווי מען וואָלט איר געשניטן,
גענומען דרייען מיטן קורצן עק.
אַ שרעק,
דער אויבערשטער זאָל היטן!
— „וואַרט אויס“ —
האָט איר דער האָז אַנטלויפנדיק געשריען, —
„געגנוג דיר שוין, דו בייזע גאַנדז, דיין האַלדז צו ציען,

און מיין נאַר ניט דורכויס,
אַז אַלע טראַכטן בלויז
אַ שאָדן ברייננגען דיר, צי דיינס אַ קינד, —
עס מאַכט דיין נארישקייט דיך בלינד!"

---

און שטענדיק דוכט זיך אַלץ דעם נאַר,
אַז ער איז אין געפאַר;
דעריבער לאָזט ער הערן אָפט זיין שטים
אויך דאַן, ווען קיינער טראַכט גאָר ניט פון אים.

# אן עצה

אמאָל איז צו אַ פילאָזאָף אַ מאַן געקומען,
געבראַכט באַווייזן אים די שריפטן פון זיין זון;
אַ פאָטער — האָט ער נחת פיל געהאַט דערפון,
און האָט געמיינט פון דיינקער אַ גוט וואָרט באַקומען.
דער פילאָזאָף האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט
די מאַנוסקריפּטן, וועלכע יענער האָט געבראַכט.
— „ווי אַלט אַצינד
איז אייער קינד?"
האָט שטיל דער פילאָזאָף אַ פרעג געטאָן אים באַלד:
— „מיין קינד איז נאָך קיין פופצן יאָר ניט אַלט" . . .
— „ניט מער? נו, זאָג איך אייך ווי אַ געניטער,
אַז העלפן וועלן אים נאָך ר י ט ע ר;
און טאַקע, גאָר ניט אויף צו פליישן,
זאָלט איר אים שמייסן, שמייסן, שמייסן" . . .

---

אַן אַלטע פאַבל, נאָר צו יעדער צייט
איז דאָ אַ היפּשע ביסל לייט,
וואָס דאַרפן וויסן,
אַז ווייניק האָט מען זיי געשמיסן . . .

# אַ צופאַל

מען האָט אַ טויטן מאַן געפונען אויף דער גאַס,
וואָס האָט אַליין דאָס לעבן זיך גענומען;
פאַר וואָס, פאַר ווען, דער בייזער שפּאַס
איז פאָרגעקומען,
האָט קיינער ניט געוואוסט... דער טויטער האָט געשוויגן,
נאָר זיין געזיכט — אַ שטום געשריי —
האָט אויסגעדריקט אַזוי פיל צער און וויי,
אַז אים איז קאָנטיג שווער געוועזן זיך צו באַזיגן...
פון יעדנס ברוסט האָט שטיל זיך אויסגעהויכט אַ קרעכץ:
— „דער אויבערשטער זאָל טאָקע אויסהיטן פון שלעכטס,
עס זיינען אָנגעשטאַנען איצט אַזוינע יאָרן,
אַז הפקר איז באַ זיך אַליין
דער מענטש געוואָרן"...
און וייבער, גרינג אויף טרערן, האָבן מיט געוויין
גע'טענה'ט: — „אַזאַ בוים אַ יונגער און אַ שיינער!
ווער וויים? ער איז נאָך אפשר באַ זיין מוטער איינער"...
הכלל, עס איז געווען אַ טרויעריגעס בילד,
און ווי דערשלאָגן האָט זיך יעדערער געפילט.
אַ מאַן, אַ גוט באַוואוסטער

— פון זעלבער גאַס דער בעסטער שוסטער —
איז אויך זיך צוגעגאַנגען זען
וואָס דאָרטן האָט אַזוינס געשען,
און האָט זיך קוים דערשטופּט צום מת, וואָס איז
צעוואָרפן הענט און פיס,
מיט אויסגעגלאָצטע אויגן,
געלעגן אויסגעצויגן.
ער האָט אים לאַנג באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ,
מיט גרויס באַדויערונג געשאָקלט מיטן קאָפּ
און האָט אַ זאָג געטאָן פאַרטראַכט אַליין צו זיך:
— „נאָך גאָר אַ נייאינקע פּאָר שיך"...

---

אַ מערקווירדיגע זאַך:
אַז מיר פאַרגעסן זיך ניט קיינמאָל אונדזער פאַך.

# די קאַץ

א קאַץ האָט אויפן דאַך אַ טייבעלע געכאַפּט.
און באַלד האָט זי אַ שטילן ווינקעלע דערטאַפּט,
אַז קיינער זאָל ניט וויסן —
און האָט דאָרט זייער פיין זיך צוגעביסן . . .
און נאָכן עסן,
ווען זי האָט זיך, כמעט, שוין אָן דער טויב פאַרגעסן,
באַמערקנדיק אַ ווייסן פעדערל, וואָס איז
אין לופט אַרומגעפלויגן,
האָט אונדזער קאַץ מיט צוגעמאַכטע אויגן
צו זיך אַליין געמורטשעט זיס:
— „איך וויים שוין איצטער גאַנץ געוויס,
פאַרוואָס די גאַנצע וועלט העלט גאָר ניט אויף צו לויבן
די אומשולדיקע טויבן.
איך גלויב,
אַז אַלעמען געפעלט די טויב
דערפאַר, וואָס זי איז שוואַך און שטיל,
דעריבער (אָן געפאַר פון אירע שאַרפע ציינער)
קאָן יעדער איינער
מיט איר באַגיין זיך ווי ער וויל“. . .

# צוויי באַלעבאָסטעס

פאַרשמייעט און צעטראָגן,
באַגעגנט האָבן זיך צוויי ווייבער גוטע פריינט
אין מאַרק ביים פולן וואָגן:
— „וואָס זעט איר אויס מיר היינט
אַזוי ניט גוט?“ — האָט איינע
זיך צוגעשטעלט אַ רעד טאָן מיט איר שכנה.
(און צווישן אונדז גערעדט,
געווען זיינען ביידע ווי די גענדזלאַך פעט).
— „איר וואָלט מיך גאָר ניט פרעגן, ווען איר ווייסט
וואָס הייסט
אַ דינסט-מיידל צו האָבן אין אַ הויז“, —
האָט יענע אָפּגעענטפערט איר, — „אָט הערט נאָר אויס
גראָד נעכטן האָט זיך דאָס מיין מויד,
פון העלער הויט,
פאַרגלוסט צו וואַשן גרעט און באַקן ברויט.
פאַרשטייט איר, מן הסתם,
דעם גאַנצן טאַראַראַם,
וואָס איז פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט געווען אין הויז.
אַ גאַנצן טאָג בין איך אין ערגעץ ניט אַרויס:

געזעסן
און נאָכגעקוקט איר ווי זי טוט;
עס האָט מיר, זאָג איך אייך, גאַנץ גוט דערעסן!
דאָס גראָד: זי האָט ביי מיר אַלע ווײַלע ניט גערוט,
און האָט געאַרבעט ווי אַ שד, געשווינד און גוט;
ביי איר האָט דאָרטן אין די הענט
געברענט!
זי האָט די גרעט צעוואַשן זילבער-ריין
און שיין,
און אָפּגעבאַקט דאָס ברויט אַזוי ווי אויפן זון.
און איך — איז ווי איר זעט, בין היינט דערפון
אַ קראַנקע — קוים נאָר וואָס איך שטיי
און גיי,
כאָטש דאַרפן האָב איך גאָר געדאַרפט אין בעט נאָך ליגן;
די דינסטן, הערט איר, טרייבן מיך אַריין אין גרוב" . . .
די צווייטע פרוי, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן,
האָט צוגעגעבן מיט דעם זעלבן ניגון:
— „אַ קליינינקייט צו אויסהאַלטן אויף זיך אַ שטוב!" . . .

---

מיר טרעפן זיך מיט מענטשן פון דעם זעלבן שניט
און טוען זיך פאַר זייערע פאַרדינסטן בוקן, —
כאָטש זיי אַליין גאָר טוען ניט אַ בייג דעם רוקן
און ווערן בלויז פון צווייטנס אַרבעט מיד.

# די אויפגעקלערטע הון

א הון האָט ווי איר שטייגער איז געלייגט אַן איי;
געוויינטלאַך האָט זי אויפגעהויבן אַ געשריי,
אַז קיינער שאַצט ניט אָפּ איר ווערט
און אַז קיין יושר איז ניטאָ גאָר אויף דער ערד . . .
באַטראַכטן נאָר!
זי לייגט זיך דאָך אַ קיילעכדיקן יאָר
און מאַכט דאָך רייך דעם באַלעבאָס!
צום סוף, איז וואָס?
באַהאַנדלט מען איר גלייך, אַ האָר ניט בעסער,
פון אַלע איבעריקע פּראָסטע פרעסער,
וואָס לייגן זעלטן אייער — און בלאָזן זיך אומזיסט . . .
און וואָלטן אויף דער וועלט געוועזן מער מבינים,
האָט מען באַדאַרפט גאָר אַנדערש האָבן זי אין זינען:
ניט לאָזן גריבלען זיך אין מיסט
אַ קערנדל געפינען,
נאָר טאַקע אויפבויען, פאַר איר דורכאויס,
אַ נייע שיינע הויז,
דעם עסן פון דער פולער האַנט דערלאַנגען
און נאָכגעבן איר אַלע מינדעסטע פאַרלאַנגען!

הכלל, די הון האָט פון איר דרשה זיך צעוואָרעמט,
גנעשטורעמט און געליאַרעמט
אַלץ העכער
און פרעכער.
דער פויער, ס'הייסט איר באַלעבאָס,
איז רואיק זיך אין שטוב געזעסן;
ער האָט פון אירע טענות ווייניק-וואָס
געהאַט פאַרדראָס,
און האָט אַ פיינקוכן געגעסן
מיושב'דיקערהייט.
(צי האָט ער ניט פאַרשטאַנען אירע רייד,
צי ניט געוואָלט פאַרשטיין, —
דאָס וויים איך ניט אַליין,
און אויך ניט דאָס בין איך אייך אויסן) . . .
נאָר ווען אים האָט דערעסן שטאַרק דער רעש אין דרויסן,
האָט ער אַ שאָט געטאָן געלאַסן, שטילערהייט
אַ הויפן קערנדלאַך און שטיקלאַך ברויט
אין הויף . . .
אין גרויסן אַנגעלויף
וואָס דאָרטן איז געוואָרן,
האָט נעבאַך אונדזער הון איר מוט פאַרלאָרן
און אויך געלאָזט זיך נאָך אַ ברעקל צי אַ גערשט . . .
פאַרגעסנדיק
די אומרעכטן, וואָס מען איז קעגן איר באַגאַנגען,
און אויך אויף דעם, וואָס זי האָט ערשט
געהאַט פיל העכערע פאַרלאַנגען . . .

---

אין לעבן איז דער ביישפּיל ניט קיין נייער;
ס'איז אָבער שטענדיק לעכערלאַך און שרעקלאַך,
אַז פּאָר אַביסל ברעקלאַך
אַנטשווייגן ווערן אָפּט די גרעסטע שרייער.

# דער יונגער בוים

געוואקסן האָט אין וואַלד אַ יונגער בוים;
אַנטקעגן אים, הויך קוקנדיק אין בלויען רוים,
געשטאַנען איז פון ווייטן
אַן אַלטער דעמב, אַ ריז, פאַרצווייגט אין אַלע זייטן;
און האָבנדיק צום דעמב גאָר גרויסן אכט,
פלעגט רויִשן אָפט דער יונגער בוים פאַרטראַכט:

— „וואָס טויג מיין בליען און מיין וואַקסן הויך!
דען זאָל שוין זיין, אַז איך וועל אויך,
מיט יאָרן שפּעטער,
באַקומען מערער בלעטער
און ווערן מעכטיק, שיין, —
וועל איך זיך קאָנען דען פאַרגלייכן
צום דעמב דעם ריזיגן און רייכן?
איך וועל אַנטקעגן אים דאָך מוזן בלייבן קליין,
ווי הויך איך זאָל צום הימל זיך ניט ציען“ . . .

אַ גרעזעלע וואָס האָט געוואַקסן אונטער בוים,
און האָט זיך פון דער ערד אַרויסגעזען נאָר קוים,
האָט אים געענטפערט שטילערהייט:

— „ווי נאריש זיינען דיינע רייד!
דו דארפסט זיך ניט באקלאָגן:
אָט זע, איך בין דאָך נאָר א גרעזעלע א קליינס,
נאָר עפּעס, ווייס איך, האָב איך דאָך אין זיך אזוינס,
וואָס יענער גרויסער דעמב וועט ניט פארמאָגן.“

# די מויז און די קו

א בהמה האָט זיך מיט א מויז
געטראָפן,
ווען יענע איז פון שפייכלער זיך צעריק אין הויז
געלאָפן,
און האָט פארפירט מיט איר אזא געשפרעך:
— „דו דארע מויז! ווי אומפארשעמט דו ביזט און פרעך!
לעבסט אָפּ אזויפיל צייט
אין זעלבן הויז מיט פיינע לייט, —
און האָסט גאָרניט קיין פריינט!
מען האָט דיך אַלע פיינט . . .
איך רייד שוין ניט פון קעץ, —
דאָס איז דאָך שוין פון דורות א געזעץ, —
נאָר מענטשן קאָנען אויך דיך ניט פארטראָגן,
זיי יאָגן דיך און פּלאָגן . . .
און גיב א קוק, פארקערט, — די זעלבע מענטשן,
זיי ווען מיך דאָך אייביק בענטשן!
אָט האָב איך מיר א שטאַל אוואו איך רו,
מען זעט מיך צו,
און זעלטן ווען מען זאָל פארגעסן

דערלאַנגען מיר דעם טרינקען צי דעם עסן" . . .

— „געדעכט ביזט דו,

נאָר דו ביזט פּאָרט אַ קו!" . . .

געענטפערט האָט אויף גיך די מויז, —

„פון עסן, טרינקען האָסט דו טאַקע ניט קיין זאָרגן,

נאָר יעדן טאָג, פרימאָרגן,

באַמערק איך ווי מען מעלקט דיך אויס" . . .

# דער מעצענאַט

צום פערד, וואָס האָט אַ שם געהאַט
אַלס גרויסער מעצענאַט,
איז איינמאָל ווינטער-צייט דער פוקס אין געסט געקומען;
פאַרשטייט זיך, אַז דער פערד האָט ווי עס פּאַסט
דעם אַנגעלייגטן גאַסט
מיט טאַקט און שׂכל אויפגענומען;
ער האָט אים לעבן זיך אַן אָרט געמאַכט, און באַלד
אים פאָרגעשטעלט פאַר אַלעמען, אַלס איינעם
פון זיינע נאָענטסטע און ליבסטע שכנים,
מיט וועמענס חכמה עס שטאָלצירט דער גאַנצער וואַלד.
אויך אויסגעשטעלט האָט ער פאַר אים אַ טיש אַ שיינעם,
און האָט פאַרפירט מיט אים אַ רייד,
באַקענענדיק אים שטילערהייט
מיט אַלע מעלות פון די איבעריקע געסט:
— „דו זעסט,
דאָרט זיצט אַ וואָלף? ניט קוק וואָס ער איז יונג!
נאָר זאָג איך דיר, האָט ער אַ צונג,
האָט ער צום ריידן אַזאַ געוואַלטיקן טאַלענט...
זיין וויץ, זיין ווערטל ברענט

ווי פייער-פלאם!
און זעסט דעם באק? איז ער א מייסטער אויפן גראם
א גרעסערער ווי היינע,
און האט דערצו א שפראך א זעלטן שיינע;
און אן איז דארטן צווישן זיי א הינטל —
שטודירט ער יעדן פינטל
אין לעבן פון די פליגן;
ביי יענעם אייזל קאנסט דו קריגן
א מאמר וועגן וואס דו ווילסט אליין"...
געוועז איז דארטן אויך א גאנדז וואס צייכנט שיין,
א שוויין, וואס האט צו זיינע אומגליקלאכע ברידער
געווידמעט ביכער צוויי: דערציילונגען און לידער,
א מוילוואורף, וועלכער האט א לעבן-לאנג
געפארשט די נייע ווענדונג אין געזאנג, —
הכלל אין יעדן גאסט, גאר א באזונדער ברכה...
— „און וואס זאגסט דו, רב פוקס, צו מיין משפחה?" —
האט מיט שטאלצקייט זיך צו אים דער פערד געווענדט
—„או-וואַ"! — געענטפערט האט דער פוקס, — „איך פיל
זיך שטארק געהויבן
צו זיין דא מיט אזויפיל טרעגער פון טאלענט,
וואו זיינען אבער דא די בערן און די לייבן?"

# דער פויער און דאָס בילד

אַ בילד, וואָס איז פיל יאָרן נאָכאַנאַנד
געהאַנגען בײַ אַ פויער אויף דער וואַנט,
כמעט אַהינטער אויוון,
איז צופעליק אַרײַנגעפאַלן צו אַ מבין,
וואָס האָט אין אים דערזען אַ מײַסטערס האַנט;
באַלד אײַנגעפּאַסט האָט ער אים אין אַ ראַם אַ שײנער
און גאָר באַזונדער, — פאַר דער וועלט, —
אין אַ פאַרפּוצטן חדר אים אַרויסגעשטעלט,
און יעדער אײנער,
וואָס האָט דעם בילד געזען, פלעגט בלײַבן שטײן פאַרטראַכט,
באַצויבערט פון זײַן וואונדערלעכער פּראַכט.
אַזוי איז אין אַ קורצער צײַט אַרום
דאָס בילד באַרימט געוואָרן אומעטום,
אַ קוק צו טאָן אויף אים פלעגט מען פאַר מײַלן לויפן!
געטראָפן האָט,
אַז אונדזער פויער איז אַמאָל געווען אין שטאָט;
(געקומען זאַלץ און פעפער קויפן.)
און ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט צו זען דעם בילד
פון וועלכן אַלע רײדן . . .

נאָר ווי אנטוישט האָט ער זיך גלייך דערפילט,
ווען ער האָט דאָרט דערקענט דעם בילד, וואָס איז באַשיידן
ביי אים אין הויז געהאַנגען יאָרן לאַנג . . .
און בשום אופן,
ניט קאָנענדיק מיט זיין געדאַנק
די זאַך באַגרייפן,
האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין ביים טיר:
— „ווען ס'איז דאָס בילד אַזויפיל יאָר געווען ביי מיר,
האָט קיינער פון אים דאַמאָלסט ניט געטראַכט . . .
די רייכע ראַם, ווייזט אויס, האָט אים באַרימט געמאַכט!“

---

און ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן שטילערהייט —
פיל אמת ליגט אין פויערס רייד . . .

# די אומצופרידענע מײַז

באַשלאָסן האָבן אַלע אײַנוואױנער פון וואַלד,
צוזאַמען יונג און אַלט
זאָל מען זיך נעמען אַלע אױפבױען אַ הױז,
דאָרט זאָל ניט זײַן קײן אױבן־אָן פאַר אַלט און גרױס, —
נאָר יעדער זאָל פאַרנעמען דאָרט אַ פּלאַץ,
װאָס װעט באַשטימט זײַן לױטן װערט און שאַץ
פון אַרבעט װעלכע ער װעט טאָן; און באַלד
האָט איבער גאַנצן װאַלד
צעטראָגן זיך די גוטע נײַעס:
(מיט איר געפרײַט זיך האָבן איבערהױפּט די מײַז).
אַז אַלע האָבן גלײַכע רעכט באַקומען,
און אַז עס האָבן זיך די יאָרן שױן געפעלט,
װען נאָר די שטאַרקע פלעגן הערשן אױף דער װעלט,
װײַל איצטער זײַנען נײַע צײַטן אָנגעקומען . . .
צום אױספירן די זאַך
האָט יעדער זיך מיט פלײַס גענומען,
און ניט געדױערט האָט קײן סך
ביז פאַרטיק איז געװאָרן אַ פּאַלאַץ אַ שײנער.
נאָר װעמענס אַרבעט האָט זיך אָנגעזען דאָרט מער:

די ארבעט פון דעם העלפאנד, פון דעם גרויסן בער,
צי פון דער מויז דער קליינער?
איך גלויב, אז ענטפערן אויף דעם איז מיר פארשפארט . . .
און דאך, האט נאך די מויז ביז איצט פאראיבל,
פארוואס דער בער פארנעמט א גרויסן ארט, —
און איר קומט אויס צו ליגן אין א גריבל . . .

# דער טאָפּ און דער קרוג

אַ טאָפּ מיט הייסע וואַסער וועלכע האָט צעהיצט
גערקאָכט, געזאָדן און געשפּריצט
אין אַלע זייטן,
(אין אויווען האָט, ווייזט אויס, דער פלאַם צו הייס געברענט.)
האָט זיך אַמאָל מיט שפּאָט געווענדט
צום וואַסער קרוג וואָס איז געשטאַנען שטיל פון ווייטן:
— „וואָס פאַר אונטערשייד עס איז פון מיר —
ביז דיר!
מען האָט דאָך אָנגעפילט אונדז ביידן גלייך
מיט וואַסער פון דעם זעלבן טייך,
איז איך — איז זיד און קאָך, און הויב זיך נאָכאַנאַנד,
און דו? ס׳איז דאָך אַ חרפּה און אַ שאַנד, —
ביזט שטענדיק אין דעם זעלבן שטאַנד!"
— „דו ביזט ניט קלוג גענוג," —
האָט גאָר געלאַסן אָפּגעענטפערט אים דער קרוג, —
„ניט זיי מיט זיך אַזוי צופרידן:

זאָלסט ווייסן נאָר, אז דו וועסט אַלץ שטאַרקער זיידן,
אוּן וועסט זיך מערער היצן, —
אַלץ מערער וועסט דו זיך אַליין פאַרשפּריצן.

---

אַזוי איז אויך מיט אַלע שרייער,
וואָס היצן זיך ביים פרעמדן פייער . . .

# דער טייך און דער קוואַל

א טייך —
אין וואַסער רייך,
וואָס האָט צום ים זיך שטאָלץ געטראָגן,
האָט זיך אַמאָל געווענדט צום קוואַל, וואָס האָט פאַרקלערט,
באַשיידן פון דער ערד
געשלאָגן:
— „מיר דוכט, איך וואָלט גאָר ניט געקאָנט צופרידן זיין
און אָפּשפּיגלען אין זיך פון העלן שטראַל דעם שיין,
ווען איך וואָלט אויך ווי דו געוועזן שוואַך און שטיל . . .
אויב איך בין שטאָלץ — פאַרמאָג איך וואַסער אין זיך פיל!
אין פרילינג-צייט
צעגיס איך זיך אויף מיילן ווייט,
און אַלץ וואָס שטייט מיר נאָר אין וועג
טראָג איך אין מיינע שטראָמען באַלד אַוועק.
איך שוים, איך ברויז,
פון מיינע ברעגן רייס איך זיך אַרויס
און וואַרף אויף אַלעמען אַן אימה מיט מיין גרויס!
און דו? ווי לאַנג דו זאָלסט ניט פליסן, —
וועט קיינער דאָך פון דיר ניט וויסן“ . . .

— „איך מיין" —
נעענטפערט האָט דער קוואַל, — „אַז ווילע איך בין קליין,
דעריבער בין איך ר י י ן,
און ס'טויג מיין וואַסער אויף צום טרינקען.
מיין נאָמען וועט ווי דיינער אויף דער וועלט ניט קלינגען, —
נאָר איך וועל אָבער שטענדיק אין דער שטיל
אַרויסברייננגען מיין וואַסער פריש און קיל
פון די פאַרבאָרגענע און טיפע תהום'ען. . .
און צווישן אונדז גערעדט,
אין דיינע ברייטע שטראָמען
צעוואַשט מען אָפטמאָל גרעט" . . .

# דער דראָזל און די הון

גענוזעסן איז אַ דראָזל אין אַ שטייג;
און קוקנדיק פון פענסטער אויף דעם גרינעם צווייג,
פלעגט אונדזער פייגעלע, מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן
פון אָרט זיך ניט אַ ריר טאָן שעהן לאַנג.
ווער ווייס וואו זיין געדאַנק
איז פריי אַרומגעפלויגן?
עס האָבן זיך פאַר זיין פאַרבענקטן בליק, קאָן זיין,
געצויגן אין דעם זומערדיקן שיין
די לאַנגע אין די גרינע סאַמעטענע גראָזן,
וואָס ער האָט ערשט ניט לאַנג פאַרלאָזן...
און אפשר האָט ער גאָר געטראַכט פון וואַלד און פעלד,
און פון דער ליכטיקער און גרויסער פרייער וועלט,
וואו ער האָט אַזוי וויייניק נאָך פאַרבראַכט;
און קאָן זיין אַז ער האָט געטראַכט
פון דעם, וואָס אים איז ניט באַשערט שוין מער,
ווי ביז אַהער,

מיט הילכיקע און ריינע קלאנגען
באגעגענען דעם אויפגאנג פון דער זון,
און זיין אין שטייג א לעבן־לאנג געפאנגען...
אן אלטע פעטע הון,
וואס איז אין שטוב ארומגעגאנגען,
פארפירט האט מיט דעם פייגעלע א רייד: — „דו קינד,
דו נאריש קינד!
פארשטייסט דאך ניט אליין ווי גוט דיר איז אצינד...
דו האסט דאך אלץ געגרייט פאר זיך, און אזוי פיין,
באדארפסט דו דאך צעפרידן זיין
פון גליק וואס דיר האט דא געשען,
און דו? דו בענקסט... נאך וואס? נאך ווען?
מיין גאט, וואס קומט ארויס פון אומפליען און שוועבן,
אז פאר א קערנדל שטעלט יעדער איין זיין לעבן!
מיר אויך קומט אוים אמאל א פלי צו טאן אין הויף,
(מען וויל מיך כאפן — פלי איך אויפן פלויט ארויף.)
זאג איך דיר אוים בסוד, אז מיט אזויפיל מי
קומט אן מיר יעדער פלי,
אז איך וואלט גערן זיין און ניט געפלויגן,
ווען ניט די נויט און די געפאר פאר מיינע אויגן...
איך זאג דיר גאנץ געוויס,
איך זע א פארגעניגן גאר א קנאפן
אין דעם וואס איינער מאטערט זיך און פליט... — וואס איז?
א פעדער כאפן,
וואס ווערט אין לופטן פון דעם ווינט
געטראגן,
צי נאך א קליינעם מוק זיך יאגן...

ביזט בלינד

און גרייזט געווים, מיין קינד!" . . .
נאָר וואָס האָט אונדזער דראָזל איר געקאָנט דאָ זאָגן?
ער האָט געשוויגן שטיל ווי ביז אַהער,
נאָר אין זיין שווער געמיט, האָט ער נאָך מער
זיין קעפּעלע אין זיך אריינגעצויגן,
און פעסטער צוגעמאַכט די טרויעריקע אויגן.

# דער פערד און דער קעמל

פון קעמל האָט אמאָל דער פערד געלאַכט:
—„באַטראַכט
צי קאָן מען נאָך געפינען ערגעץ-וואו
אַזאַ באַשעפעניש אַ העסליכע ווי דו!
דו האָסט אַ פעל —
איז זי ניט טונקל און ניט העל,
ביזט אומגעלומפערט הויך אויף דיינע מאָדנע פיס,
דו האָסט אַ קורצן עק וואָס פּאַסט דיר ניט, געוויס,
און טאָמער איז נאָך קאַרג, —
פאַרמאָגסט דו נאָך דערצו אַ הויקער ווי אַ באַרג,
און וואו? נאָך אויפן רעכטן מיטן רוקן!
עס איז אַ חרפּה און אַ שרעק אויף דיר צו קוקן" . . .
— „איך מיין",—געענטפערט האָט דער קעמל מיט פאַרדראָס,—
„אַז יעדער איינער איז באַשאַפן לויט זיין מאָס,
דעריבער איז זיך יעדער שיין
פאַר זיך אַליין!
און גאָר פאַרקערט:
מיין הויקער איז מיר טייער, ליבער פערד,
ווייל כ'וועל פון אים געשפייזט אַ לאַנגע צייט

אין מדבר ווען איך בין פון גראָז און וואסער ווייט;
און ווען איך וואָלט אויף זיך מיין הויקער ניט געטראָגן,
און וואָלט געווען, — לאָמיר זאָגן,
אזוי ווי דו,
זיורבאוים א שיינער, —
דאן וואָלטן זיך שוין לאנג אין מדבר ערגעץ־וואו
געטריקנט מיינע ביינער״ . . .

# דער שטעקען

אַן אַלטער קלוגער מאַן, וואָס האָט
געהאַט אַ גרויסן נאָמען אין זיין שטאָט,
פלעגט קיינמאָל אָן זיין שטעקן ניט אַרויס
פון הויז;
און ווי באַ זיך, אַזוי אין געסט באַ פרעמדע לייט,
פלעגט ער ניט שטעלן אים וואו ערגעץ אָן דער זייט, —
נאָר שטענדיק לעבן זיך, אין אויבן-אָן;
פאַר וואָס ער פלעגט דאָס טאָן,
פלעגט קיינער קלאָר ניט וויסן, —
כאָטש אַלעמען פלעגט שטאַרק פאַרדריסן,
פאַר וואָס אַ שטעקן גאָר פאַרנעמט דעם שענסטן אָרט . . .
נאָר פאָרט,
פלעגט יעדער איינער גלויבן,
אַז אויב אַ פּראָסטן שטעקן האָט דער קלוגער מאַן
דערהויבן, —
איז עפּעס אין דעם שטעקן שוין פאַראַן!
מסתמא מוזן אין אים גרויסע סודות ליגן;
ווער וויים? דער שטעקן איז, קאָן זיין, אַ סגולה גאָר
צו לאַנגע יאָר,

און ער האָט בירושה אים דערפאַר געקריגן;
און אפשר ליגט אַ קראַפט אַ גרויסע אין זיין האַלץ...
אַזוי האָט אונדזער שטעקן יאָרן-לאַנג מיט שטאָלץ
דעם אויבן-אָן פאַרנומען,

און פרעגן — האָט זיך קיינער ניט געוואַגט, ווייזט אויס.
נאָר איינמאָל אויף אַ שמחה אין דעם אַלטנס הויז,
האָט זיך אַ יונגערמאַן מיט דרייסטקייט אָנגענומען,
און האָט געפרעגט דעם אַלטן מיט פאַרדראָס,
פאַר וואָס
אַ גראָבן פלאָקן זאָל אַזוי פיל כבוד קומען?
— „גאָר פּראָסט", — האָט שמייכלענדיק דער אַלטער אים
געזאָגט —

„איך האָב מיט אים אַפילו הינט פון זיך פאַריאָגט,
אַפילו בייזע הינט,
מיין קינד"...

# דער פּויער וואָס האָט געקליבן האָלץ

א שטורמווינט האָט אויפגעהויבן זיך אין וואַלד
אין מיטן זומער;
און פול מיט קומער,
פאַרצווייפלט האָבן באַלד
געגומען ריידן צווישן זיך די בלעטער,
ווי שווער צו זיין איז אָפּגעריסן פאַר דער צייט
און פון דעם ווינט פאַרטריבן ווערן ווייט . . .
„געוויס, מען מוז דאָך סיי־ווי־סיי פאַרוויאַנען שפּעט׳יאַר
אין האַרבסט . . . נאָר ס׳איז אַזוי דאָך איינגעשטעלט
די וועלט!
פאַר וואָס איז אָבער אונדז באַשערט אַצינד,
וואָס אַלץ אַרום צעבליט זיך, גרינט,
צו ליגן אויף דער ערד צעשאָטן
און זיין פון אַלעמען געטראָטן,
דערפאַר נאָר וואָס פון אויבן
האָט זיך אַ ווינט אַ שטאַרקער אויפגעהויבן! . . .
אַליין דער בוים
איז קוים
וואָס ניט זיך גאָר דערוויילּ אַ ריר,

די ערשטע זיינען מיר . . . די ערשטע זיינען מיר" . . .
א פויער,
וואָס האָט דאָס צוגעהערט נאָר מיט א האַלבן אויער
(ער האָט אין וואלד געקליבן האָלץ)
האָט זיך אויף זיי צעשריען בייז: — „איר מעגט זיך שעמען!
אויב אייך האָט גאָט באַגליקט דעם שטורם אויפצונעמען,
באַדאַרפט איר זיין צעפרידן, שטאָלץ
און זיך א האָר ניט קלעמען
פון דעם וואָס פאַר דער צייט פאַרלירט איר אייער גלאַנץ, —
אבי דער שטאָם וועט דאָך דורך אייך פאַרבלייבן גאַנץ!"

---

גאָר פּשוט, יע; ווי זאָגן פלעגט אמאָל מיין פעטער:
אז דער וואָס דאַרף די האָלץ, דעם אַרט ניט פאַר די בלעטער.

# א הונגעריקע פליג

א הונגעריקע פליג,
וואָס האָט א טאָג אין קיך, אהין און אויף צוריק
זיך אומגעדרייט פארשמאכט אויף אַלע זייטן,
האָט מיט אַמאָל דערזען פון ווייטן
א טעלער צוקער אויפן טיש.
עס האָט זיך איר פון פרייד אין קאָפּ געטאָן א מיש,
אזוי, אַז זי האָט ניט געגלויבט גאָר אירע אויגן!
און, ווי א פייל פון בויגן,
האָט זי צום צוקער האסטיק זיך געטאָן א לאָז;
דער צוקער אָבער איז געשטאנען אונטער גלאָז . . .
און אונזער פליג וואָס האָט צום מאָלצייט זיך געקליבן,—
האָט זיך אזוי צעשלאָגן דאָרט
אַז זי איז, נעבאך, אויפן אָרט
געבליבן . . .

---

מיט מענטשן אויך א סך
פּאסירט אין לעבן אָפּט די זעלבע זאך . . .

## דער שפּין און די בין

א שפּין, וואָס האָט זיין נעץ צעשפּרייט
אין גאָרטן צווישן בלומען אויף א בייט,
האָט איינמאָל אין א שפּאַס
(און אפשר, קאָן זיין, מיט א טיפּן האַס),
געווענדט זיך צו דער בין: — „דו פליסט אַרום
א לעבן לאַנג פון בלום צו בלום,
דו קלייבסט און קלייבסט דעם האָניק נאָכאַנאַנד,
און רעכנסט נאָך מיט דעם א דאַנק ביי ליט און לאַנד
פאַרדינען . . .
א קלייניקייט, דו ברייננגסט דאָך נוצן אַזוי פיל!
וועל איך דיר זאָגן אין דער שטיל,
אַז דיך וועט מען ניט האָבן גאָר אין זינען,
ווען מענטשן וועלן ווען עס איז
דיין האָניק עסן.
און מעג דיין האָניק זיין ווי זיס, —
אַליין איינס וועט מען דיר ניט פאַרגעסן,
וואָס דו, פאַרהיטנדיק דיין אייגנס, צי דיין לעבן,
האָסט עמיצן אַמאָל א ביס געגעבן.
דו ווייסט דאָך דעם גלייכוואָרט, געוויס:

„מען דאַרף דיין האָניג ניט — און ניט דיין ביס . . .
נו, האָט דיין אַרבעט דען אַ זין ?“ . . .
— „איך טראַכט ניט קיינמאָל פון קיין ציל“, —
האָט אויפריכטיק און שטיל
געענטפערט איִם די בין, —
„אַליין מיין אַרבעט איז פאַר מיר אַ פאַרגעניגן ;
און ווידער, ריידנדיק צעריק,
זע איך איין דעם גרויסן גליק,
וואָס דו געפינסט אין כאַפּן פליגן“ . . .

# דער אָדלער

אַן אָדלער גרויס און שטאַרק,
האָט זיך פון הויכן באַרג
אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד,
און האָט דערהערט
ווי פייגעלאַך צוויי קליינע ריידן זיך פאַרקלערט:
— „ווי גליקלאַך איז דער אָדלער! אים איז פריי די וועלט...
וואוהין ער וויל — אַהינצו פליט ער,
וואו קיינער האָט קיין פוס נאָך ניט געשטעלט,
דאָרט קאָן ער רואיק זיצן,
און צוזען ווי עס יאָגן זיך די בליצן;
ער קאָן אויף אָפּגרונטן און ימים שוועבן —
זיין אָדלערס האַרץ גיט קיינמאָל ניט קיין ציטער!
ווי נישטיק קליין דאַרף אויסקומען, לויט זיין געפיל,
דאָס וועלטל אונדזערע און אונדזער לעבן"...
— „אָ, קליינע פייגעלאַך" — האָט דאָ דער אָדלער שטיל
אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין, —
„זיי קאָנען ניט פאַרשטיין,
ווי שווער עס איז צו זיצן אויף אַ פעלדז אַ הויכן,
און פילן אַז דעם הימל קאָן מען ניט דערגרייכן".

# דער פוקס

א פוקס, וואָס איז אין הויף געזעסן אויף א קייט,
(מען האָט אים יונגערהייט
געפאנגען)
האָט צופעליק דערהערט
דעם שמועס צווישן הונט און פערד,
וואָס איז ניט ווייט פוןביידל אָנגעגאנגען:
— „פאר וואָס," —
גע'טענה'ט האָט דער הונט, — „איז בא דעם באלעבאָס
אזוי געהויבן און געאַכט דער פוקס!
— אויב פאר זיין וואוקס —
נו, זעט ער דאָך אליין, געוויס,
ווי קליין ער איז.
און אויב פאר שיינקייט, ווייסט דאָך יעדעס קינד,
אז אָפטמאָל טרעפן מיר אזוינע הינט,
וואָס זיינען שענער פיל פון אים
און האָבן נאָך דערצו א רעכטע שטים . . .
וואָס דען, זיין שכל? — ווייס איך ניט צי ליגט
א גרויסע חכמה גאָר אין דעם וואָס מען דערשטיקט
אין מיטן נאַכט א הינדל, צי א דאָרן האָן!

ווייל ערשטנס קאָנען הינט דאָך אויך דאָס זעלבע טאָן,
אין צווייטנס — ווערט מען טאַקע אָפּט
דערפאַר אַזוי באַשטראָפט,
אַז ערלאַך לעבן איז שוין פיל גענזינטער" . . .
(דער הונט האָט פאָרזיכטיק זיך אומגעקוקט אהינטער)
— „ביזט, אפשר, גאַנץ גערעכט" — האָט דאָ דער פערד
מיט ערנסטקייט דעם הונט דערקלערט, —
„דאָך קאָן מען ניט דעם פּיקסלס גרויס פאַרשטאַנד
צוועקמאַכן אַזוי איינגאַנצן אונטער האַנט.
אָט נעם, צום ביישפּיל, און באַקלער" . . .
— „הערט אויס"—האָט דאָ דער פוקס ניט אויסגעהאַלטן מער,—
„מיר איז ניט אַזוי שווער
וואָס מיך באַפאַלן איז אַ הונט — נאָר מיר איז ביטער
וואָס דו, אַ פערד, ווילסט ווערן מיין פאַרהיטער" . . .

# דער הונט און דער וואָלף

א הונט, וואָס האָט געהאַט ביים פּויער
ניט שלעכטע קעסט,
און אין די ווינטערדיקע פרעסט
אביידל הינטער טויער,
האָט זיך אַמאָל צום וואָלף געווענדט:
— „מיר דוכט, איך וואָלט ווי דו גאָר לעבן ניט געקענט!
דו ביזט דאָך שוין, דאַנק גאָט, א וועלפל ניט קיין יונגער,
און ווייסט דאָך גוט די וועלט, —
פאַר וואָס זאָלסט דו דאָס שטענדיק ליידן קעלט
און הונגער?
איך פרעג גאַנץ אָפּט בא זיך אליין:
דו האָסט דאָך, וואָלף, אזוינע ציין,
וואָס וואַרפן אָן אויף אַלעמען א שרעק,
און דאָך פאַרגייען אַלע דיינע טעג,
אין שטענדיקער געפאַר,
אין הונגער און אין צער“ . . .
— “מען רופט דיך הונט, — און ווייסט פאַר וואָס?“ —
האָט אָפּגערופן זיך דער וואָלף מיט גרויס פאַרדראָס,
„ווייל פאַר א ביינדל, וואָס מען וואַרפט אַרויס

פון הויז,
איז רעכט ביי דיר צו דרייען מיטן עס,
און היניען גאַנצע טעג
אויף אַלע הויפן;
און איך, ווי גרויס עס זאָל ניט זיין מיין נויט,
וועל פאַר אַ שטיקל ברויט
זיך קיינמאָל ניט פאַרקויפן".

---

אזוי, אזוי, רב וואָלף, דו מעגסט פאַרבלייבן פריי,
און זיך דערביי
אַ האָר ניט קלעמען;
ווייל פאַר אַ שומר וועט דיך סיי ווי סיי
דער פויער אויפן הויף צו זיך ניט נעמען . . .

# די מויז און דער לייב

א מויז וואָס האָט פון לייב ניט ווייט
געלעבט אַ לאַנגע צייט,
האָט בישלאַכווייז אַזוי זיך צוגעוואוינט צו אים, —
אַז ניט נאָר וואָס זי פלעגט פאַר אים
קיין שרעק ניט פילן,
נאָר זי פלעגט מיטן לייב ווי מיט איר גלייכן שפּילן:
זי פלעגט זיך פּלאָנטערן אין קרוין פון זיינע האָר,
אים צופּן פאַרן עק — און אָפטמאָל גאָר
אַוועקכאַפּן ביי אים פון אונטער נאָז
צו זיך אַ ברעקל אין די גראָז...
און ווען דער לייב פלעגט ביזלאַך אָנהייבן צו ברומען, —
פלעגט זי נאָר אויף אַ ווייל פון אים אַוועק,
נאָר אין אַ רגע שפּעטער — ווידער קומען
אַ קיצל טאָן אים מיטן עק;
הכלל זי האָט דעם לייב אין ביין אריין דערעסן.
דער בער, וואָס איז אַמאָל ביים לייב צו גאַסט געזעסן,
איז אויף דער מויז שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן:
— „וואָס הייסט!“ — האָט ער באַמערקט אין גרויסן צאָרן —
„איר חוצפּה האָט דאָך ניט קיין גרענעץ!

איך וואָלט דאָך מיט אַ גענעץ
פון איר אַ סוף געמאַכט" . . .
— „דו אומגעלומפּערטער!" — האָט זיך דער לייב צעלאַכט,—
„דאָס מייזעלע איז דאָך פון דיר אַ פולע קליגער . . .
וואָס זאָגסטו דו, קליינע, קום אָקאָרשט אַרויס!" . . .
— „איך זאָג" — אַרויסגעפּישטשעט האָט די מויז, —
„אַז אונדזער לייב איז גרויס
ווען ער פאַרמעסט זיך מיט אַ העלפאַנט, צי אַ טיגער,
צי מיט אַ גרויסן בער אַזוי ווי דו, —
אונדז מייז, געוויינטלאַך, לאָזט דער לייב צורו" . . .

---

איך וויל אייך ניט דערציילן דאָ קיין נייס;
איך וויל אייך בלויז דערקלערן,
אַז אָט-אַזוי-אָ קאָנען לייבן פון די מייז
נאָך עד היום ניט פּטור ווערן . . .

# דער שטיין און דאָס שפּענדל

א שפּענדל, אָפּגעשפּאָלטן פון א האָלץ,
געשוואומען איז מיט שטאָלץ
פאַרביי א שטיין, וואָס איז געלעגן אויפן ברעג,
און אים געטאָן א פרעג:
— „דו גיב מיר צו פאַרשטיין,
רב שטיין,
פאַר וואָס דו פאַלסט אַוועק
צום דעק,
און אויבן אויפן וואַסער קאָנסט דו ניט פאַרבלייבן;
און איך, פאַרקערט, — איך שווים אַהין,
וואוהין
די שטראָמען טרייבן“ . . .
— „איך מיין,“ —
געענטפערט האָט דער שטיין,
„די זאַך פון דעם איז גאַנץ געוויינלאַך:
איך גיי צום גרונד — ווייל איך בין שווער,
און דו? — דו וואַקלסט זיך אַהין און הער —
ווייל דו ביזט גרינג און קליינלאַך.“

# די מויז אין פּאַסטקע

אַ מויז האָט אין אַ פּאַסטקע זיך אַריינגעכאַפּט.
ווי נאָר עס האָט נאָך איר דאָס טירל זיך פאַרקלאַפּט,
האָט באַלד פאַרשטאַנען אונדזער מויז,
אַז זי וועט שוין פון דאָרטן ניט אַרויס.
זי האָט געהערט נאָך פון איר מוטער,
אַז מייז באַצאָלן טייער פאַרן ברויט מיט פוטער . . .
נאָר וועלנדיק פאַרבלייבן פאַר דער וועלט
אַ העלד,
האָט אונדזער מויז באַ זיך אַזוי געמאַכט אַ רעכט:
— „צי גוט, צי שלעכט, —
מען דאַרף די זאַך באַנעמען ווי עס איז:
מען טאָר אין זיך ניט זיין גענאַרט, געוויס, —
דאָך מוז מען אָבער אויך צו מענטשן בלייבן ערלאַך:
ווער וויים צי וואָלט מען מיך פאַרשפּאַרט אַהער,
אַהינטער אייזן־גראַטעס דיק און שווער,
ווען איך וואָלט ניט געווען פאַר זיי אַזוי געפערלאַך“ . . .

---

איר ווייסט?
מיר אַלע האָבן אָפּט די זעלבע טרייסט. . .

# דער ראָב

א ראָב, וואָס האָט געהאַט
אין וואַלד אַ גרויסן צד,
האָט איינמאָל אין אַ טאָג אַ שיינעם
גענומען אויסווייזן זיין שטים
פאַר זיינע שכנים;
און ווי עס פירט זיך — האָבן זיך ביי אים
אַ היפשע ביסל אָנהייגער געפונען.
דריי טויבע סאָוועס און אַ הייזעריקער האָן,
וואָס האָבן נאָך פון שטענדיק אָן
דעם נאַכטיגאַל זיין רום און גרויסקייט ניט פאַרגונען,
באַשלאָסן האָבן באַלד
מיט ערנסטע געזיכטער,
אַז אין דעם גאַנצן וואַלד
איז נאָר דער ראָב אַ גאָטס געבענטשטער דיכטער,
און כאָטש זיין שטים איז נאָך ניט ריין, —
נאָר זי איז שטאַרק און שיין,
און מיט דער צייט,
ווער ווייסט ווי ווייט
ער וועט נאָך שטייגן . . .

— „ווי קאָן מען דאָס אַזוי פּיל ליגן?“ —
האָט אויפגערעגט
די טויב דעם נאַכטיגאַל געפרעגט —
„און גלאַט וואָס ווייסן סאָוועס פון געזאַנג!
איך שווער דיר, אַז פון יעדן קלאַנג,
וואָס גייט ביי אים אַרויס פון מויל,
נעמט דורך אַ גרויל“ . . .
— „ניט ערגער זיך, מיין ליבע טויב“, —
האָט איר דער נאַכטיגאַל געטרייסט, — „און גלויב,
אַז ס'מעג זיך זיין דער ראָב אַזוי באַרימט,
אַז אַלע זאָלן אויף אים טייטן מיט די פינגער,
דאָך ווייסן אָבער אַלע גאַנץ באַשטימט,
אַז ראָבן זיינען ניט קיין זינגער“.

# דער האָן דער עקשן

אַן אַלטער אַנשטענדיקער האָן,
וואָס איז פון שטענדיק אָן
געווען באַ אַלעמען גע‫אַכט, —
ווייל פונקט אין האַלבע נאַכט
פלעגט ער צייט יאָרן לאַנג
דער ערשטער לאָזן הערן זיין געזאַנג
אויף הויכע טענער,
האָט איינמאָל זיך באַטראַכט
צו נעמען נאָכמאַכן די יונגע הענער;
(קאָן זיין, ער האָט געמיינט אַז יענע זינגען שענער,
און אפשר האָט זיך אים פאַרגלוסט
אויך צווישן יונגע זיין באַוואוסט. . .)
אומזיסט מיט אים גע'טענה'ט האָבן זיינע פריינט:
— „וואָס איז מיט דיר אַזוינס געוואָרן?
דו ביזט אַזוי פיל יאָרן,
ביז היינט,
געווען דער בעסטער קרייער!
און ביזט באַ אונדז פון שטענדיק אָן
געווען פאַררעכנט אַלס דער מבין, דער פאַרשטייער,

און איצטער, זאָג אַליין, וואָס ווילסט דו טאָן?
און גלאַט עס איז דאָך שענדלאַך
פאַר דיר, דעם אנשטענדיגסטן האָן,
צו נאָכמאַכן די יונגע הענדלאַך!
און וואָס האָסט דו אַזוינס אין זיי דערזען?"
נאָר וואָס, נאָר ווען —
דער אַלטער האָן
האָט זיינס געטאָן. . .
דערווייַלע זיינען זיך אַריבער יאָרן,
די דורות יונגע הענער זיינען אַלט געוואָרן
און האָבן אָנגעהויבן קרייען ווי מען דאַרף:
מיט טראָפּ און ניגון, אָפּגעצויגן, שאַרף, —
נאָר אונדזער דאָן קיכאָט
געקרייט האָט
נאָך אויפן יונגען אופן;
און איז געווען צו שאַנד און שפּאָט
אויף אַלע הויפן.

---

גערעכט איז אפשר זיך דער אַלטער האָן,
דאָך קאָנען מיר ניט אומבייטן דעם סדר:
וואָס קאָן מען טאָן,
אַז יונג און אַלט איז פּאַרט ניט קיין פּאַר קליידער! . . .

# דער באַרג און דאָס גרעזל

א גרעזל טוליענדיק זיך צו א גרויסן באַרג,
האָט אים געבעטן: — „דו ביזט שטאַרק
און גרויס, —
העלף אויס,
באַשיץ מיך פון דעם ווינט דעם פרעכן און פאַרשייטן,
וואָס בייגט מיך צו דער ערד פון אַלע זייטן
און מאַכט פאַר מיר, טאָג־טעגלאַך,
מיין קורצן לעבן שווער און אומדערטרעגלאַך.“
— „דו וועסט געהאָלפן זיין, געוויס“, —
האָט רואיק צו דעם גראָז געזאָגט דער ריז, —
„דיין הילף איז אָבער נאָר אין דיר אַליין:
ביזט קליין,
דעריבער קאָנסטו דו זיך אַהינטער מיר באַשיצן...
איך זעלבסט — בין מאַכטלאָזיג, מיין קינד,
און שטענדיק בלייב איך אָפן פאַר דעם ווינט,
די רעגנס, דונערן און בליצן“...

## א פּאַבל וועגן גענדז

אין אָנהייב פרילינג, ווען דער שניי
איז נאָך אינגאַנצן ניט צעגאַנגען,
זיך אויפגעהויבן האָבן גענדז מיט א געשריי,
(און אפשר מיט געזאַנגען)
פון זייער שמוציקן און איינגן הויף,
און האָבן פליען זיך געלאָזט ארויף,
אהין, — וואוהין עס האָט דער מילדער ווינט געצווינגן;
א מחנה ווילדע גענדז, וואָס זיינען דאָרט ניט ווייט
צו יענער צייט
פאַרבייגעפלויגן,
גענומען האָבן פון די קרובים פירן שפּאַס:
— „זיי וועלן דורכפליען קוים-קוים די גאַס,
ניט העכער
פון יענע דעכער, —
און וועלן באַלד זיך ווידער אויף דער ערד
ארונטערלאָזן צווישן בהמות, הינט און פערד, —
איז זע נאָר וואָס עס טוט זיך אָפּ פון זיי!
וואָס פאַר א טומל און געשריי
זיי האָבן אויפגעהויבן!" . . .

— „נאַראָנים!“ — האָט פון אויבן
אַן אָדלערס שטימע זיך דערהערט, —
„זיי דאַרפן מער פון אייך נאָך זיין געערט:
איר, פרייע, קאָנט זיך פליען אומגעשטערט
לויט אייער ווילן און פאַרלאַנג, —
אייך קומט דערפאַר אַ קנאַפּער דאַנק;
אַ לויב פאַרדינען אָבער די, וואָס זיינען דורות לאַנג
פאַרטריבענע אין אייגגן הויף געזעסן, —
און האָבן דאָך אָן זייער פרייהייט ניט פאַרגעסן!“ . . .

# דער קלוגער גערטנער

עס האָט א גערטנער אויף א רייך-געגרייטן טיש
אוועקגעשטעלט א רויז פון גאָרטן פריש;
אנטקעגן נאָך א בלום פון זייד,
וואָס איז געשטאַנען אויף דעם זעלבן טיש ניט ווייט.
דער סאַרווער, וועלכער האָט צום טיש געגרייט
האָט מיט דעם גערטנער דאָרט פאַרפירט א רייד: —
— „אָט זע, אין פלוג גענומען,
איז צווישןביידע בלומען
דער אונטערשייד דאָך גרויס, —
דאָך קומט זייביידן אויס
די הויז, די זעלבע צו באַצירן . . .
און נאָך מער, ווען די אמת׳דיקע רויז וועט פרירן
שוין א פאַרוועלקטע ערגעץ-וואו אין מיסט“ . . .
— „וואָס באַלבעסט דו אומזיסט!“ —
האָט אים דער גערטנער אָפגעשטעלט, — „ס׳איז דיין געדאַנק
באוואוסט שוין אלעמען גאַנץ לאַנג,
נאָך בירושה פון די זיידעס און די טאַטעס . . .
נאָר ווער פאַרגלייכט דאָס רויזן, — גאָטס געשאַנק, —
צו געקאָלירטע, אָנגעפאַרבטע שמאַטעס!“

# די הון און די קוקאווע

א הון האָט דער קוקאווע אָנגעהויבן שטראָפן:
— „נו זאָג, צי האָסט דו נאָך א פויגל ווען געטראָפן
וואָס זאָל אזוי ווי דו,
קיין נעסט ניט האָבן ערגעץ-וואו ?
זאָל זיין כאָטש אונטער דאַך, צי אויף א צווייג . . .
(ווער רעדט שוין פון אַן אנשטענדיקן שטייג
אין הויף !)
און דו ? דיך ארט דאָס ניט, דו קוקסט גאָר ניט דערויף,
און פליסט ארום פון נעסט צו נעסט
ביי אלע פייגעלאך אין געסט
צו לייגן דאָרט דערווייל בא זיי
דיין איי !
ווי שעמסט דו זיך גאָר ניט פאַר לייטן !
און גלאַט ווי האָסט דו מוט
צו לאָזן אין א פרעמדן נעסט דיין פלייש און בלוט" . . .
— „מיין טייערע, איך ווייס גאַנץ גוט," —
האָט די קוקאווע איר געענטפערט פון דער ווייטן, —
„אַז ווער עס זיצט מיין איי ניט אויס,
אַלץ איינס קומט א קוקאווקעלע ארויס" . . .

# אַ פאַבל וועגן אַ העכט

— פון שטורמדיקן שטראָם געטראָגן,
האָט זיך אַ העכט פון גרויסן טייך אין ים דערשלאָגן,
און פארן וואַלפיש דאָרט גענומען זיך באַקלאָגן
אויף דעם וואָס טוט אין גרויסן טייך זיך אָפּ:
— „אַ קליינקייט צו זאָגן!
אַז אַלץ גייט דאָרטן מיטן קאָפּ
אַראָפּ!
מען קוקט ניט מער אויף יחוס און אויף שטאַנד,
און וויי, די חרפּה און די שאַנד!
די קליינע פישן האָבן גאָר די מאַכט באַקומען
און האָבן אומעטום דעם אויבן־אָן פאַרנומען,
אַזוי איז רעכט, אַז פון אַ יאַזגור צי אַ קאַרעס
זאָל גאָר דער אָקען, צי דער סאַנדיק האָבן צרות . . .
נאָר דאָס אַליין וואָלט נאָך ניט אויסגעמאַכט,
האָט זיך דאָס קליינוואַרג גאָר באַטראַכט,
מען זאָל צעזאַמען אַלע גלייך
אַרויסראַמען פון טייך
די גרויסע אַלטע שטיינער . . .
— „איז וואָס?“ — האָט דאָ דער וואַלפיש אים געפרעגט,

„איך זע גאָר ניט די צרה וואָס דאָ שטעקט,
פאַרקערט, דאָס וואַסער וועט דאָך ווערן ריינער,
וועסט דו דערווייל
דאָס קלענסטע פישעלע באַמערקן פאַר אַ מייל“ . . .
— „אַ ניין! דאָס איז פאַר אונדז נאָך מער ווי שלעכט“ . . .
געענטפערט האָט דער העכט,
„ווייל קיינער
באַדאַרף ניט נייטיקער ווי מיר אַליין די שטיינער.
מיר מוזן זיך באַהאַלטן הינטער זיי . . . און ווען
די פישלאַך זאָלן נאָר פון ווייטן אונדז דערזען, —
איז שוין פאַרפאַלן . . .
איך קען זיי זייער וואויל:
באַ זיי איז רעכט אין נעץ אַריינצופאַלן
אַבי נאָר ניט צו אונדז אין מויל“ . . .

# דער באָק און דער פוקס

א באָק,
וואָס האָט אין סטאַדע דאָרט דעם גאַנצן טאָן געגעבן,
האָט איינמאָל זיך געווענדט צום פוקס: — „פון טאָג צו טאָג
באַוואונדער איך אַלץ מער דיין לעבן!
ליגסט אָפּ צו שעה'ן לאַנג באַהאַלטן אין די גראָז,
דערהיטנדיק אַ פויגל צי אַ האָז . . .
וואָס קומט פון דעם אַרויס?
מיר פּאַסט דאָס ניט אַפילו, נאָר איך זאָג דיר אויס:
(דעם אמת קאָן מען ניט באַהאַלטן,
דאָס האָב איך נאָך געהערט פון אונדזער באָק דעם אַלטן,
וואָס האָט שוין אין גן-עדן איצט זיין רו . . .)
אַז דו,
מיט דיין פאַרשטאַנד,
וואָלסט זיכער זיין אימשטאַנד
די גרעסטע סטאַדע אָנצעפירן!
וואָלסט גאַנץ באַשטימט
געוואָרן מיט דיין גרויסן שכל שנעל באַרימט
און ס'וואָלטן אַלע אונדזערע מיט דיר שטאָלצירן" . . .
— „מיין ליבער האָרנדיקער באָק", —

האָט מיט אַ שמייכל אים דער פוקס געטאָן אַ זאָג, —
„ס'איז טאַקע זייער שיין פון דיר,
וואָס דו האָסט אַזאַ הויכע מיינונג וועגן מיר,
נאָר מוחל בין איך דיר דעם פאַרגעניגן
צו זיין דער פירער פון אַ סטאַדע ציגן".

## די קראַנקע רויז

איך ווייס ניט, אויב מיר האָבן גאָר אַ רעכט
באַשטימט צו זאָגן: דאָס איז גוט, און דאָס איז שלעכט:
ווייל אָפּטמאָל העלפנדיק דעם שוואַכן,
און וועלנדיק זיין ווייטיג לינדער מאַכן,
פּאַסירט, אַז מערער ליידן איידער פרייד
פאַרשאַפט אים אונדזער גוטער ווילן;
דען אויסגעאיידלט זיינען מענטשלאַכע געפילן!
און שווער איז צו געפינען דעם באַשייד
אפילו פון די גרעסטע און די שענסטע טאַטן.
דאָך, ווען איך זע אַ זאַטן, —
וואָס האָט, קאָן זיין, פון זאַטקייט בלויז, —
אַ הונגעריקן צו זיין טיש גענומען,
דאַן מאַכט מיר גאָר ניט אויס
פון וועלכע הינזיכטן זיין גוטסקייט קומט אַרויס,
אַבי דער הונגעריקער האָט דעם ברויט באַקומען.
נאָר ווען מיר העלפן אונדזער חבר מיט פאַרשטאַנד,
מיט מיטגעפיל און מיט אַ ברידערלאַכער האַנט,
פּאַסירט, אַז מיר פאַרלייגערן אים אָפט זיין לעבן;
און זאָגט איך וואָס איר ווילט, דאָס איז אַ גרויסע זאַך...

מיר האָבן ביישפּילן צו דעם אַ סך,
נאָר איך וועל דאָ אייך בלויז אַ משל געבן.

---

באַזעצט האָט זיך אַ וואָרים אויף אַ בלום,
וואָס האָט זיך מיט אַ שיינענדיקן שמייכל, שטום
צעעפנט אין די פרי־יאָריקע שטראַלן,
און מיט די צאַרטע פאַרבן אינם שיין געשפּילט;
אַ טויטער שרעק איז נעבאַך אויף דער רויז געפאַלן,
ווען זי האָט אויף איר סאַמעטענעם לייב דערפילט
דעם קאַלטן שונא,
וואָס האָט זיך מיט איר בלוט און פלייש גענערט;
אַ טויען־טרער אַ ריינע
אַראָפּגעקייקלט האָט זיך אויף דער ערד,
ווען זי האָט איר באַשטראַלטן, מידן קאָפּ
געבויגן נידעריק אַראָפּ..
מיט שטילן שרעק
געוואַרט האָט זי אויף אירע לעצטע טעג,
און נידעריקער זיך אַלץ צו דער ערד געבויגן.
צום גליק
געפאַלן איז אויף איר דער בליק
פון וועכטערס גוטע אויגן.
ער האָט דערזען
דעם אומגליק, וואָס איר האָט געשען,
און האָט איר שטומען צער פאַרנומען;
ער האָט דעם וואָרים באַלד פון איר אַראָפּגענומען
און פאָרזיכטיק אַרומגעוואַשן אירע וואונדן,
זי אויסגעגלייכט און צו אַ פלעקל צוגעבונדן,
און אויפגעגראָבן אַרום איר די ערד.
— „ווי לוינט זיך דאָס אומזיסט אַזוי פיל צו באַמיען!
די רויז איז דען דאָס ווערט?
זי וועט דאָך סיי ווי סיי דעם זומער ניט דערציען,

און גלאַט איז דאָך אַ קנאַפּע פרייד,
און גאָר אַ קליינער פאַרגעניגן
צו בליען קראַנקערהייט״ . . .
אַזוי געזשומעט האָבן הויך די פליגן,
וואָס האָבן זיך אַרום דער קראַנקער רויז געדרייט.
דעם וועכטער אָבער האָט הפּנים גוט
פאַרשטאַנען וואָס ער טוט,
און ס׳איז זיין אַרבעט אָן באַלוינונג ניט געבליבן!
ווייל לאַנג האָט נאָך די רויז געבאָדן זיך אין זון,
און פון
דעם אוּנטיקן טוי די קראַפּט אין זיך געקליבן . . .
אַזוי אַז פון דער וואונד, — איז אויף דער רויז
נאָר בלויז
אַ קליינע, שוואַרצע פּינטעלע פאַרבליבן.

# דער הונט און דער פוקס

דער הונט געפרעגט האָט ביי דעם פוקס מיט גרויס פאַרדראָס:
— „פאַר וואָס
האַלט שטענדיק זיך דער וואָלף מיט מיר פון וויטן?
און טרעפן מיר זיך ווען, — אַנטלויפט ער באַלד
אין וואַלד,
און וויל מיט מיר אַ בליק אויף גאָר ניט פאַרבייטן,
מיר זיינען דאָך נאָך קרובים גאָר פון אַלטע צייטן!
און שרעקט ער זיך, דער וואָלף, פאַר מיינע ציינער, —
דאַרף ער פאַרשטיין, אַז ער איז איינער
פון די, צו וועמען כ'האָב די איידלסטע געפילן" . . .
— „מיין פריינד", — האָט אים דער פוקס געגעבען צו פאַרשטיין —
„דער וואָלף האָט מורא ווייניק־וואָס פאַר דיינע ציין,
נאָר גלאַט, ער האָט ניט ליב דיין בילן" . . .

# אַ געוויינטלאַכע געשיכטע

א בייזער פייער האָט זיך פּלוצלינג ווילד
אין אלטן וואלד צעשפּילט,
און זיך צעגאסן ברייט,
פארוויסטונג ברענגענדיג און טויט
ארום אין אַלע פעלדער
און וועלדער...
ווי אין אים פון פייער אָון פון שווארצן רויך
געשטאַנען איז דער וואלד פארטרונקען,
און אונטער הימל אין דער הויך
געלאשן האָבן זיך מיליאנען פונקען.
סיי קליין, סיי גרויס
האָט ניט געקאנט פון ברענענדיקן וואלד ארויס,
און נים איין אלטער נעסט איז מיט׳ן רויך אוועק
אין יענע טעג...
פון שווערן גזר געטריבן,
פארצווייפלטע פון שרעק,
צעזאמען האָבן זיך געקליבן
די איינוואוינער פון וואלד און פעלד
און האָבן קעגן פייער זיך געשטעלט,

זיך פּרופנדיק זיין ווילדע מאכט צושטערן,
דער אנפירער געווען איז דארט א יונגער בער.
(ווייזט אויס, אז ער
געוואלט האט נאכטאן יענע ווייט-באַרימטע בערן,
וואס האבן אין בהלה-צייט
פאר אומגליקלאכע לייט
מיט פרייד דאס לעבן
אוועקגעגעבן ...)
באגייסטערנדיק יעדן מיט זיין ווארט און טאט,
האט ער, א וואונדערלאכע ווירקונג דארט געהאט:
די האזן האבן, ממש, העלדישקייט באוויזן,
אפילו מייז געארבייט האָבן ווי די ריזן!
דער עיקר, ער אליין האט דארט
קיין ארבעט ניט געשפּארט:
ניט איינמאל האט מען אים, א לעבעדיקן קוים,
ארויסגעכאפּט פון אונטער ברענענדיקן בוים,
און היפּשע מאל איז ער
געווען פארוואונדעט שווער...
דער סוף איז וואס געווען?
געוויינלאך, גאר געוויינלאך, ווי איר וועט דא זען:
דער יונגער בער, דער העלד,
וואס האָט זיין לעבן ניט איינמאל אין קאן געשטעלט,
איז פון דעם ברענענדיקן וואלד אנטרונען,
ווי נאר ער האט פאר זיך א פרייעם וועג געפונען.

---

איך ווייס: ס'איז זייער שווער
דורכויס איינגאנצן צו באשולדיקן דעם בער,
נאר יעדעס מאל באזונדער טוט מיר ווי,
ווען מענשן ווירדיקע באנעמען זיך אזוי.

# דער פערד דער פילאָזאָף

א פערד, באַמערקנדיק דעם פוקס, וואָס קומט אַרויף
צום פויער אויפן הויף
אין מיטן נאַכט
און קוקט זיך אום צעטראָגן און פאַרשמאַכט
אין אַלע זייטן, —
צי שטייט ניט וואו אַ פאַסטקע פון דערווייטן . . .
האָט לאַנגזאַם, קייענדיק דאָס היי, געטראַכט:

— „ווי מאָדנע ס׳איז! ביי לייטן
איז אָנגענומען אַז דער פוקס איז קלוג!
פאַר זיין פאַרשטאַנד וואָלט איך, אין פלוג,
קיין האָבערקערנדל ניט געבן:
ווייל נעמען איינשטעלן אין קאָן
דאָס לעבן
צוליב אַ הינדל צי אַ דאַרן האָן" . . .
נאָר דאָ האָט זיך אין מיטן עסן
ביי אים אַ שטרויעלע אַריינגעמאַכט אין נאָז:

— „פּר־ר־רוך, פּר־ר־רוך!" — האָט ער פון זיך געטאָן אַ בלאָז
און האָט זיך אויף דעם גאַנצן ענין גאָר פאַרגעסן.

אוּן זאָגן אָפן ?

מיר זיינען ניט צום האַרצן יענע פילאָסאָפן,
וואָס מעסטן אַליץ, אָן מיטגעפיל, אויף זייער מאָס ;
זיי וועלן אָפט דעם צווייטן מוסר'ן און שטראָפן, —
כל זמן זיי שטעלט זיך ניט אַ שטרוי אין נאָז.

# דער וואָרים און די מוראַשקע

א וואָרים, וועלכער האָט נאָר-וואָס א רויז צעפרעסן, —
איז רואיק, זאַט,
זיך אונטן אויף א בלאַט
געזעסן;
און זעענדיק פון וייטן, ווי אזוי
א קלייניקע מוראשקע טראָגט אין מויל א שטרוי,
דריי מאָל ווי זי אַליין די גרויס,
צו העלפן אויפבויען א נייע הויז, —
האָט ער צו איר געזאָגט מיט שפּאָט:
— „דו נארישע באַשעפעניש פון גאָט!
אויף וואָס לייגסט דו אוועק
אומזיסט די יאָרן און די טעג?
דו האָרעוועסט, דו שלעפּסט און פּאָלסט אין יאָך,
און איילסט און מאַטערסט זיך אַלץ: נאָך און נאָך!
וואָס טויגן דיר די הייזער, די פּאַלאַצן,
וואָס דו בויסט אויף, אומזיסט
אומנישט . . .
דו דאַרפסט דען דיינע גרויסע שאַצן,
די אוצרות דען פון אַלעמען פאַרבאָרגן, —

צי גלאַט דו ווילסט די וועלט אויף שפּעטער אויך באַזאָרגן?"
— „איך בוי", —
געזאָגט האָט די מוראַשקע, שלעפּנדיק דאָס שטרוי, —
„און ס'בלייבט מיר ניט קיין צייט
צו גריבלען זיך און טראַכטן אַזוי ווייט" . . .

# די סטראַשידלע

אין שמאַטעס אַלערליי געקלייד...
געשטאַנען איז אין גאָרטן שטילערהייט
צייט יאָרן אַ סטראַשידלע, קוים צונויפגעשלאָגן
פון ברעטלאַך, פּאַקוליע און שטרוי;
און מיטן אויסזען בלויז — די פייגעלאַך אַזוי
געשראָקן,
אַז ניט געוואַגט זיך האָבן זיי אַ פּיק צו טאָן
פון דאָרט אַ בלעטל, צי אַ גרייפּל מאָן...
איך ווייס ניט ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט אַזוינס —
נאָר איינמאָל איז אַהין אַ שפּערלינגל, אַ קליינס
גאָר צופעליק אַריין;
פון פרייער לופט פאַרשיכורט און פאַרבלענדט פון שיין,
האָט ער, קאָן זיין,
דאָרט די סטראַשידלע אפשר יע געזען, —
נאָר ער איז יונג געווען,
נאָך ניט ערפאַרן
און האָט נאָך ניט געוואוסט פון פייגלשע געפאַרן;
האָט ער געמיינט, אַז אַלץ וואָס וואַקסט פון דר'ערד אַרויס
געהערט דאָס צו די הונגעריקע בלויז...

איז ער אין גאָרטן זיך, אַ רואיקער, געזעסן
אונ זיך געלאָזט דאָרט וואוילגיין ביזן גאַר;
און נאָכדעם — פלעגט ער שטענדיק קומען דאָרטן עסן.
אַזוי איז פאַר דער פויגל-וועלט געוואָרן קלאָר,
אַז די סטראַשידלע איז, אין תוך גענומען,
אינגאַנצן גאָר ניט קיין געפאַר,
מען דאַרף זיך נאָר ניט שרעקן און ניט זיין קיין נאַר, —
און אַלע פייגל האָבן טאַקע מוט באַקומען...
(ווייזט אויס,
גאָטס דרויסן קאָן מען ניט פאַרשטעלן.)
דעם באַלעבאָס פון גאָרטן אָבער איז דורכאויס
דער גאַנצער ענין ניט געווען געפעלן...
און אויסגעפונען האָט ער צו די פייגל באַלד
אַן אַנדער מיטל:
אַזוי ווי די סטראַשידלע איז שוין אַלט
באַדאַרף מען אָפּפרישן אַביסל איר געשטאַלט...
האָט ער איר אָנגעטאָן אַן אַנדער היטל,
די שמאָכטעס פּאַקוליע און שטרוי פאַרנייט,
אין פאַרביקערע אָניצעס באַקליידט
און צוגעבונדן צו איר האַנט אַ גרויסן שטעקן.
נאָר, דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז אַלץ נאָך ניט גענוג,
ווייל פייגל, זאָגט מען, זיינען איצטער קלוג
און ס'וועט דער נייער גולם זיי שוין ניט דערשרעקן.

# דער חזיר

א חזיר, וואָס איז נאָכן רעגן
אין וואַרעמינקער בלאָטע ביזן האַלדז געלעגן,
געמיטלאַך אויסציענדיק זיינע קורצע פיס,
האָט זיך בנעימות׳דיק און זיס,
מיט אויגן האַלב פאַרמאַכט פון פאַרגעניגן,
אַזוי געכרוקעט צו די פליגן:
— „אוי, אוי, ווי גוט עס איז,
אין בלאָטע דאָ צו ליגן!
ווער קאָן דאָס נאָך אַזוי ווי איך פאַרשטיין!
צוליב דער בלאָטע נאָר אַליין
איז שוין כדאי צו זיין
א שוויין“ ...

## אַ פאַבל וועגן אַ קו וואָס האָט ניט געוואָלט געשאָכטן ווערן

א קצב האָט אמאָל געפירט א קו
אין שלאַכטהויז, אָדער ערגעץ אַנדערש וואו,
אהין, וואו בהמות ווערן אָן דעם לעבן;
נאָר אונדזער קו געווען איז איינגעשפּאַרט און ווילד,
און ווען זי האָט פאַר זיך דעם סוף דערפילט, —
האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, און ווייטער — ניט א טראָט!
עס האָט
מיט איר אומזיסט דער קצב לאַנג געקנעלט:
(די יונגען זיינען הינטער אים אין וועג פאַרבליבן,
זיי האָבן דאָרטן בהמות אַנדערע געטריבן)
— „וואָס הייסט! איך לעב דאָך אויף דער וועלט
אזוי פיל יאָרן
און קאָן דאָך אַלעמען אין דיין משפחה גוט!
זיי האָבן שטענדיק דאָך מיט שטילן מוט
פאַר לייטן אָפּגעגעבן זייער פלייש און בלוט...
און דו? וואָס איז מיט דיר געוואָרן!
וואָס האָט מיט דיר אזוינס פּאַסירט?“

נאָר זיינע רייד האָט ער אומזיסט פאַרלאָרן:
די בהמה האָט פון אָרט זיך ניט גערירט.
— „ביי איצטערדיקע צייטן“,
האָט ווידער זיך דער קצב קעגן איר געשטעלט, —
„איז יעדער דאָך מחויב ברענגען נוץ דער וועלט
און עפּעס טאָן פאַר לייטן!
און איבערהויפּט נאָך ווען מען קוקט אויף דיר אַרויס
כמעט אין יעדן הויז.
דו זעסט? דריי זקנים קוקן זיך די אויגן אויס,
זיי האָבן נעבאך ניט מיט וואָס זיך צו דערקוויקן...
היינט שטעל זיך פאָר דעם פאַרגעניגן
וואָס דו קאָנסט ברענגען פאַר די אַלטע לייט“...
דערווייל־ע זיינען פון דער זייט
צום קצב זיינע יונגען אָנגעקומען.
זיי האָבן, ניט פאַרלירנדיק קיין צייט,
די בהמה פאַר די הערנער אָנגענומען,
די פיס פאַרפּענטעט מיט אַ שטריק,
און שפּעטער מיט אַן אויגנבליק
איז, — לויט דעם שטייגער פון די פריערדיקע יאָרן, —
פון אונזער לעבעדיקער בהמה — פליייש געוואָרן...

# דער לייב

א הונט, וואָס האָט א לייב אַלס פריינד געהאַט,
ניט קאָנענדיק מיט אים זיך אָנלויבן צו זאַט,
האָט איינמאָל אים א נייע חניפה צוגעטראָגן:
— „איך מוז דיר זאָגן,
אז אויף דער גאַנצער וועלט,
סיי אין די וועלדער, סיי אין פעלד,
איז גאָרניט צו געפינען
א חיה נאָך איינע, וואָס זאָל אזוי פארדינען,
און זיין אזוי ווי דו בארעכטיקט צו דער קרוין;
א קלייניקייט, פון דיין געשריי אליין
פארלירן אַלע דאָך דעם זינען,
און ווארפן זיך אין פחד אויף דער ערד!“ . . .
— „און דאָך“,—געענטפערט האָט דער גבור אים פארקלערט,—
„ס׳איז גאָר צום לאַכן:
א פליגעלע א קליינס קאָן מיך משוגע מאַכן“ . . .

## דער טאָג און די נאַכט

וואו ערגעץ ווייט אין הימל-טאָל,
האָט זיך אַמאָל
די נאַכט מיט דעם פאַרגייענדיקן טאָג צעקריגט:
— „טאָג-טעגלאַך ווערסט דו דאָך פון מיר באַזיגט, —
און דאָך מיינסט דו, אַז דו ביזט קעגן מיר אַ ריז!
געוויס,
דיין הויך באַלעבט די ערד, די ים׳ען און די טייכן, —
נאָר ווער קאָן זיך מיט מיר אין מאַכט פאַרגלייכן,
ווען איך מיט מיינע שוואַרצע שטראַלן
טו באַרג און טאָל באַפאַלן
און היל די וועלט אין גליווערדיקן חושך איין?"...
— „דו ביזט גערעכט, קאָן זיין", —
געענטפערט האָט דער טאָג, — „דאָך מוז איך דיר דערקלערן,
אַז ניט נאָר די לבנה מיט די שטערן,
נאָר אויך אַ גליווערעמל מיט זיין שיין
קאָן אָפּט דיין גאַנצקייט און דיין מאַכט צעשטערן".

# דער מוק און דער זשוק

דער גוט-באַוואוסטער מוק, וואָס האָט דעם לייב באַזיגט,
האָט פּאָר אַ קליינינקייט זיך מיטן זשוק צעקריגט,
און האָט זיך מיט אַ מורא'דיקן זשומען
צום הארטן זשוק גענומען:
— „איך בין דאָך ניט קיין לייב" — האָט באַלד
דער זשוק זיך אָפּגערופן גאווה'דיק און קאַלט, —
„און ניט נאָר דו — אַ מחנה פליגן
וועט אויך ניט קאָנען מיך באַזיגן"...

# צוויי פוקסן

צוויי פוקסן גוטע פריינט נאָך פון די יונגע טעג,
וואָס האָבן זיך שוין ניט געזען אַ צייט מיט יאָרן,
געטראָפן האָבען זיך אַמאָל אין וועג
און זיינען ביידע זייער שטאַרק דערפרייט געוואָרן:

— „ווי גייט דאָס דיר, מיין טייערער, מיין אַלטער פריינד?
אוי וויי, וואָס וואסערן עס זיינען שוין ביז היינט
אריבער!
און זע, דו ביזט דאָך גאָר דער זעלבער ווי געוועזן!" . . .

— „און וואָס מאַכסט דו, מיין ליבער?
געלויבט דער אויבערשטער דערלעבט זיך כאָטש צו זען" . . .
— „יע, טאַקע, דאנקען גאָט . . . נאָר ווי איז מיר געשען,
דו הינקסט דאָך, דוכט זיך, אויף אַ פיסל!" . . .
— „איך הינק? איז וויים גאָר ניט, עס שטערט מיר
ניט כמעט . . .
נאָר איך וואָלט שווערן, אַז דו האָסט געהאַט
אַן עק אַ לענגערן אַביסל!"
— „קיין בייז ניט, ס'מאַכט ניט אוים . . .
דער ווידל איז נאָך איצטער אויך ביי מיר גאַנץ גרויס" . . .

— „נו זײ געזונט, מײן פרײנד, איך אײל, עס װערט
שױן שפּעט . . .
— „אַ גוטן טאָג, אַרװאָ! שױן טאַקע צו לאַנג זיך
פאַררעדט“. . .
און די חברים האָבן זיך פאַרטראַכטערהײט
צעשײדט . . .

---

צו װאָס זאָל איך מײן פאַבל אײך דערקלערן?
איר װעט זי שױן אַלײן
פאַרשטײן,
װען איר װעט עלטער װערן . . .

## דער טייך

סוף-זומער, איינמאָל אין אַ רויטלאַכן פאַרנאַכט,
האָט זיך דער בוים פאַרטראַכט
געַסוד'עט מיט דעם טייך, וואָס איז געלעגן
ווי אַ באַשיינטער שפּיגל שטיל אין זיינע ברעגן:
— „ווי שיין, ווי וואונדערלאַך, אַ טייך, ביזט דו
אין דיין סוף-זומערדיקער רו!
דו ווייסט גאָר ניט מיט וויפיל דו ביזט איצטער שענער,
ווי אין די פרילינג-טעג,
ווען הויך אַן אויפגעשלאָגענער פון ברעג צו ברעג
האָסט דו אין שוים געטראָגן אָפּפאַל, שמוץ און שפּענער.
דען איצט, ווען דו ביזט אומעטיק, פאַרטראַכט,
איצט שפּיגלסט דו דאָך אָפּ אין זיך דעם הימל,
די שטערן אין דער נאַכט!" . . .
— „יע, יע" — האָט קוים
דער טייך געפּליסטערט צו דעם בוים, —
„איך בין איצט שיין, קאָן זיין,

א דורכגעגנומענער מיט אומעט און מיט שיין,
נאָר איך בין שוין פאַרטאָן אין ווינטערדיקן דרימל . . .
אין פרילינג אָבער ווען איך שוים און ברויז,
און רייס זיך פון די ברעגן אוים —
וואָס גייט מיך דאַמאָלסט אָן דער הימל?"

# אַ פֿאַבל וועגן דעם ווי אַזוי דער האָז איז באַרימט געוואָרן

דו ווילסט פֿון מיר, מיין קינד, אַ פֿאַבל הערן?
וואָרט אויס, איך וועל זיך נאָר אַביסעלע באַקלערן.
קרילאָוו דער גאון — רוען זאָל ער אין זיין רו, —
זאָגט אין אַ פֿאַבל ערגעץ־וואו:
צו האַרבסט־צו ווערט דער וועטער רעגנדיקער, קעלטער,
און מענטשן פֿלוידערן אַלץ מערער צו דער עלטער...
ס'איז זייער ריכטיג: איך
פֿיל איצטער דאָס אויף זיך,
אַזוי ווי דו ווערסט, ווען עס איז,
געוויס,
אויף זיך דאָס זעלבע פֿילן.
נאָר זאָל שוין זיין נענוג זיך מיט דעם גראַם צו שפּילן, —
איך האָב דערוויילע אויסגעקלערט אַ מעשה'לע אַ קליינס,
איך ווייס ניט צי אַ שיינס, —
נאָר ס'וועט אַמאָל דיין שוועך געמיט דיר גרינגער מאַכן;
דו זאָלסט געדיינקען, אַז צו יעדער צייט
פֿאַרשווייגט מען טאַונגען פֿון אמת־גרויסע לייט

און טומלען טומלט מען, דערהויפּט, פון קליינע זאַכן . . .
דו פרעג מיך ניט — פאַרוואָס ?
נאָר מיט אַ שמייכל, אָן אַ שום פאַרדראָס,
הער אויס מיין פאַבל וועגן האָז.

**אַ האָז איז אין אַ זומערדיקן טאָג אַרויס**
**פון הויז**
אַ שטיפּ צו טאָן זיך אויף די זון-באַשטראַלטע גראָז.
דערווייל‌ע האָט ער זיך פאַרטראַכט פון עפּעס-וואָס, —
און צוגעשפּאַרט זיך צו אַ ביימעלע אַ יונגן ;
דאָס ביימעלע האָט זיך צעוויגט, — איז ער אויף גיך
דערשראָקן אָפּגעשפּרונגען,
נאָר מיט אַ רגע שפּעטער, קומענדיק צו זיך,
האָט ער מיט פאַרגעניגן
דעם ביימעלע אַהין און הער גענומען וויגן
און אָנגעקוואָלן שטיל.
ער האָט אינגאַנצן גאָר געמאַכט דאָס פאַר אַ שפּיל . . .
אַזוי וואָלט פון דעם האָז דאָך קיינער גאָר ניט קלערן,
נאָר ווען עס איז באַשערט באַרימט צו ווערן,
באַדאַרף מען ניט קיין סך צו ווערן גרויס . . .
זיין שכנ׳טע, די מויז,
וואָס איז אויף ניים אַ גרויסע בעלנ׳טע געווען,
האָט דאָס פון ווייטן אַלץ געזען,
און ווי אַ פייל פון בויגן
געלאָזן זיך צו אירע חבר׳טעס, די מייז,
און האָט צעפּויקט פאַר זיי די נייס,
אַז זי האָט ערשט אַליין געזען, מיט אירע אויגן,
ווי ס׳האָט דער האָז אַראָפּגעבויגן
אַ בוים אַ הויכן צו דער ערד . . .
פאַרשטייט זיך, אַז דערציילנדיק פון וואָס מען הערט,
לייגט יעדער צו פון זיך נאָך עפּעס וואָס באַזונדער . . .

און אָט־אַזוי־אָ האָבן וועגן האָז די וואונדער
זיך אַלץ פאַרגרעסערט און פאַרמערט.
קיין וואָך איז ניט אַריבער, —
האָט שוין דער וואַלד געקלונגען מיט דעם האָז, דעם גבור;
מען האָט פון אים גערעדט אויף שריט
און טריט.
דאָס שענסטע אָבער פון דער גאַנצער זאַך איז דאָס,
וואָס אין דעם זעלבן וואַלד צוזאַמען מיט דעם האָז
געוועזן זיינען שטאַרקע, גרויסע בערן,
וואָס פלעגן דעמבעס מיט די וואָרצלען איבערקערן, —
און וועגן זיי האָט קיינער דאָרט
אַפילו ניט דערמאָנט קיין וואָרט . . .

# אַ באַנקעט

אַ בער,
וואָס האָט אין וואַלד ניט איינעם
געמאַכט דאָס לעבן שווער,
האָט איינמאָל אין אַ טאָג אַ שיינעם,
באַשלאָסן אויף אַ צייט אַוועקצעגיין פון וואַלד;
און ווען ס׳איז זיין באַשלוס באַוואוסט געוואָרן,
האָט בא די חיות אויפגעהויבן זיך אַ גוואַלד:
וואָס הייסט! דאָ אָפּגעוועזן אַזויפיל יאָרן,
דער שטאָלץ פון וואַלד... און איצטער מיט אַמאָל...
הכלל, פאַרפאַלן... נאָר אַלע האָבן אין איין קול
באַשטימט דעם בער מיט עפּעס צו באַערן;
מען האָט גענומען טראַכטן, קלערן,
און ס׳איז געבליבן מאַכן אַ באַנקעט דעם בער,
אַזאַ, וואָס קיינער פון די בערן
האָט ניט געהאַט נאָך ביז אַהער.
און ס׳איז שוין איינמאָל אַ באַנקעט געוועזן:
ביז שפּעט
איז מען בא די טישן פון כל־טוב געזעסן,
געגעסן,

געטרונקען און גערעדט.
מען האָט דעם בער ביז הימל גאָר געהויבן
און אויף אַ רגע אים ניט אויפגעהערט צו לויבן.
און אַלץ איז אַזוי שיין און גלאַטיק אויסגעקומען,
אַז אונדזער בער האָט זיך פון נחת גאָר צעשוואומען,
און האָט אָן אונטערשייד,
אויף יעדנס רייד,
געענטפערט מיט אַ ליבלאַך ברומען.
צום סוף האָט אויך גערעדט דער הונט.
— נו, זיין געזונט מיין ליבער חבר, זיי געזונט! "—
האָט ער מיט טרערן אין די אויגן
דעם בער די לאַפּע אויסגעצויגן. —
„דערמאַנען שטענדיק וועלן מיר צו גוטן
די שיינע געמלאַכע מינוטן,
וואס דו האסט אונז פארשאפט... בשלום קום צעריק,
און זאָל דער אויבערשטער דיר געבן גליק
אוואו דו וועסט זיך ווענדן נאר און קערן;
און אונז"... — האָט זיך ניט ווילנדיק ביי אים
ארויסגעריסן מיט אַ פרייד אין שטים, —
„וועט דאָ דערווייל אביסל גרינגער ווערן..."

# די סאָוועס און די פלעדערמויז

איך ווייס ניט אקוראט פאר וואָס און ווי אזוי,
נאָר איינמאָל האָבן סאָוועס צוויי
צעקריגט זיך מיט דער פלעדערמויז, וואָס האָט א צייט
געלעבט מיט זיי אין זעלבער הורבה זייט בא זייט:
— „וואָס מיינסט דו!" — האָבן זיך די סאָוועס
אין גרויסער אויפרעגונג געהיצט
און מיט די בלינדע פייער-אויגן בייז געבליצט, —
„דו פירסט מיט אונדז קאטאָוועס!
דו דארפסט דאָך עפעס ווייסן וואָס און וואו!
מיר שטאמען דאָך פון אָדלערס, יע! און דו? . . .
וואָס דו קאָנסט פליען מאכט אונדז גאָרניט אויס,
ביזט אָבער פאָרט א מויז!". . .
— „איר זייט זיך אפשר אָדלערס, איר זייט טאקע גרויס,"—
געענטפערט האָט
די פלעדערמויז אין שטילן שפּאָט, —
„וואָס קומט אייך אָבער טייערע ארויס דערפון,
אז איר, ווי איך, האָט מורא פאר דער זון". . .

# א טרויעריקע פאַבל וועגן אַ לייב וואָס איז געפאַנגען געוואָרן

מען האָט אַ יונגן לייב אין וויסטענים געפאַנגען;
און אים — צו ווייזן פאַר דער וועלט — אין צירק געבראַכט.
אַהינטער אייזערנע געשמידטע שטאַנגען
איז ער אין שטייג, אַ ווילדער, טאָג און נאַכט
מיט וויגנדיקע טריט אַרומגעגאַנגען,
און בייז — אַ שרעק —
געוואָרפן מיטן עק...
ס׳פּלעגט דורכנעמען אַ גרויל
פון מאָרנעם שמייכל אויף זיין מוראדיקן מויל,
אַפילו דער וואָס פלעגט דעם עסן אים דערלאַנגען,
איז אויך גאַנץ נאָענט צו דער שטייג ניט צוגעגאַנגען.
דערווייל ע זיינען זיך אַזוי אַ פינף צי זעקס יאָר צייט
אַוועקגעשוואומען.
דער לייב — אין זעלבן צירק, און ביי די זעלבע לייט.
און הייבט ער איצטער אָן נאָך ווען עס איז צו ברומען, —
מיט פּחד ווערן הערצער דורכגענומען.
און אונדזער לייב, דער ווילדער,

איז אפשר אויף אַ האָר נאָך ניט געוואָרן מילדער . . .
נאָר וואָס מיינט איר?
ער שפּרינגט שוין דורך אַ רייף באַצויגן מיט פּאַפּיר.

---

איך וועל אייך אויסזאָגן און וועל זיך גאָר ניט שעמען,
אַז שטענדיק נעמט מיין האַרץ מיר קלעמען,
ווען איך דערזע די לייבן אין די שטייגן,
וואָס מוזן — דורך אַ נויט — דעם עולם קונצן צייגן.

# דאָס פלאַטערל און דער וואָרים

געזעסן איז אַ פלאַטערל אין גאָרטן אויף אַ בייט,
ערשט מיט אַמאָל אַ וואָרים קריכט פון ווייטן שטילערהייט:
— „דו וואָרים, וואָרים, ווערימל, וואָס קריכסט דו דאָ אַהער?
דו ציסט זיך און דו מאַטערסט זיך, דיר איז דאָך נעבאַך שווער!"
— „איך קריך אַהער, מיר ווילט זיך זען ווי פּרעכטיק איך
ווען זיין,
ווען איך וועל אויך אַ פאַרביקער אַרומפליען אין שיין".
— „דו רעדסט דאָך, וואָרים, מאָדנע רייד, מען קאָן דיך
ניט פאַרשטיין:
דו ביזט דאָך אַזאַ מיאוס׳ער און איך בין אַזוי שיין!"
— „איז וואָס? דו ביזט דאָך אויך געוועזן אַ וואָרים
פונקט ווי איך" . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַוועקגעפליגן איז פאַרשעמט דאָס פלאַטערל אויף גיך.

## דער קוואַל

— א קוואַל האָט פון א באַרג געשלאָגן,
אוּן האָט זיין וואַסער-שנור געטראָגן
אין טאָל.
האָט מען אים מיט א גרויסן שטיין פאַרדעקט אַמאָל,
ער זאָל אַזוי ניט שטראָמען;
נאָר דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן פיל:
ער האָט זיך פון די טיפע תהומען,
פון אָנפאַנג, דוכט זיך, שטיל
צוריק א פרייער דורכגעריסן,
און נאָכדעם, נאָכמער אויסגעלייטערט, ריין,
פון אונטער שטיין
נאָך רוישיקער אין טאָל אַראָפּ גענומען פליסן . . .

# דער זייפנבלאָז

א זייפנבלאָז, ארויסגעבלאָזן פון א קינד,
האָט אויפגעהויבן זיך אין ווינט,
און האָט גענומען אויף דער זון שטאָלצירן
מיט זיינע פּרעכטיקע קאָלירן:
— „ווי ווייניק שיינקייט אמת'ע ווערט אָפּגעשאַצט!
איך בין דאָך צאַרטער פיל און ריינער
פון אַלע שענסטע איידלשטיינער, —
און זעט!"... נאָר דאָ האָט אונדזער זייפנבלאָז געפּלאַצט.

# צוויי בערן

צוויי בערן גרוים אין וואוקס,
נאָר ווי באַוואוסט אָן עקן,
געשמועסט האָבן וועגן פוקס,
ווי שכל׳דיק ער קאָן זיין שפור פאַרדעקן:
—„אָט פּינטלט ער מיט זיינע לאַפּקעלאַך אין שניי
און מיט דעם עק פאַרשאַרט ער באַלד דעם שפור פון זיי“...
—„און דאָך איז ניט כדאי זיין שכל איבערטרייבן“,
האָט אָפּגערופן זיך דער צווייטער בער גאַנץ שטיל, —
„זיין פוסטראָט קאָן ער זיך פאַרדעקן ווי ער וויל,
עס מוז דאָך אָבער פון דעם עק אַ שפור פאַרבלייבן“...

# אַ פֿאַבל וועגן אַ העלפֿאַנט

אין אַ קליין שטעטל איז אַ צירק געווען;
די חיות וואָס מען פֿלעגט דאָרט קאָנען זען,
געוויינטלאַך, זיינען ניט געווען פֿון גרויסער ווערט:

אַ פּאָר געלערנטע, ניט יונגע פֿערד,
אַן אייזל, קונצנמאַכער הינט, אַ שוויין
און מאַלפּעס עטלאַכע, ווי עס באַדאַרף צו זיין. . .
(געווען איז דאָרטן אויך אַ בער, שוין וויפֿיל יאָרן,
נאָר ער האָט שוין אין צירק זיין בערישקייט פֿאַרלאָרן.)
האָט זיך דעם צוימער אַ מציעה׳לע געמאַכט,
אַ העלפֿאַנט, פֿון די אמת׳ע, אַ פּראַכט!
אַזאַ, וואָס קאָן דעם צירק אַ גרויסן שם געווינען!
גאַנץ פֿיין.

נאָר וואָס זאָל זיין?
מען קאָן פֿאַר אים אין צירק גאָר קיין שטייג ניט געפֿינען.
דער צוימער איז אַרומגעגאַנגען אָן אַ זינען,
הכלל ער האָט מיט מאַטערניש, אַהין-אַהער,
אַריינגעקוועטשט דעם העלפֿאַנט אין דער שטייג פֿון בער,
אָבי אַ זאָרג פֿון קאָפּ אַרויסגעשלאָגן.

און וואָס זאָל איך ווייטער זאָגן?
פון צוימער פּלעגט מען טאקע לאכן, גאַנץ געוויס,
נאָר ווי דאָס איז —
דערוויילע אָבער האָט דער ריז
זיין איינגן שטייג אויף זיך געטראָגן.

## אַ טרויעריקע פאַבל

אַן אָדלער איז אַ שטאָלצער איבערן ים געפלויגן;
ער האָט אַליין נאָך ניט געוואוסט וואוהין,
נאָר ס'האָט זיין שוואונג אַלץ העכער אים געצויגן
ווייט, ווייט אַהין,
צו יענע בלאָע אומבאַוואוסטע רוימען,
אַהינטער וועלכע ס'האָבן זיך אין יונגען ברען
געריסן זיינע טרוימען.
ערשט מיט אַמאָל האָט ער דערזען
אַ פעלז אַ מעכטיקן באַוועבט פון שטראַלן,
אינמיטן ים אַליין,
אַרום געשוימט, געקייקלט האָבן זיך די וואַלן,
צעשלאָגנדיק זיך אָן דעם האַרטן שטיין.
— „ווי שיין!"—
איז אַ געדאַנק דעם אָדלער איינגעפאַלן, —
„אָט דאָ,
וואו קיינער איז ניטאָ,
וועל איך מיין רו געפינען
און קאָנען אומגעשטערט מיין הויכן חלום שפינען"...
און האַסטיק ווי אַ בליץ

איז ער צום פעלזנשפּיץ
ארױפגעפלױגן;
אַ רואיקער האָט ער פאַרמאַכט די אױגן,
פאַרטיפט אין זײן געדאַנק.
דערװײלע איז פון ערגעץ-װאו אַ שלאַנג
ארױסגעפױזעט שטילערהײט
און אים אַ ביס געטאָן אויף טויט.

# די גוטע הון

— „אַ גוטע הון געווען, כ'לעבן!
זי האָט דאָך מיר אויף יום טוב פיר פונט שמאַלץ געגעבן"...
אַזוי
האָט זיך פאַר נאָך אַ פרוי
באַרימט אַ באַלעבאָסטע,
אַ אידענע אַן ערלאַכע, אַ פּראָסטע.
און איך האָב זיך געטראַכט:
דער הון האָט מען, פיליכט, אינמיטן נאַכט
געכאַפּט, געבונדן,
געקוילעט, אָפּגעפּליקט און אָפּגעשונדן, —
און זאָגן זאָגט מען אַלץ:
אַ גוטע הון, זי האָט געגעבן שמאַלץ...

# דער ליגנער

זיך אומקערנדיק פון אַ רייזע אויף דער וועלט,
האָט איינער פאַר זיין פריינד, שפּאַצירנדיק אין פעלד,
באַרימט זיך מיט די וואונדער וואָס ער האָט געזען,
ווען ער איז אויף דער גרויסער וועלט געווען,
און האָט דערביי געהאַקט אַ היפּשע ביסל ליגן . . .
— „ניין, ניין! וואָס כ׳האָב געזען וועל איך ניט זען שוין מער!
מען קאָן דאָס גאָר באַ אונדז ניט קריגן . . .
דו נאַר באַקלער,
וואָס איז באַ אונדז דאָ פאַר אַ געגנט?
היינט שיינט די זון און מאָרגן רעגנט,
אָט — היים, און אָט איז באַלד
שוין ווידער קאַלט, —
און דאָרטן, זאָג איך דיר, איז טאַקע אַ גן־עדן!
עס איז פון דעם גאָר אַנגענעם צו ריידן;
ניט פעלצן און ניט ליכט — מען ווייסט גאָר ניט דערפון!
ס׳פאַרגייט דאָרט קיינמאָל ניט די זון
און פרילינג נאָר
איז דאָרט דאָס גאַנצע יאָר!
כ׳מען אַקערט ניט, מען זייעט דאָרט ניט —

און וואָלסט דו זען נאָר ווי עס וואַקסט און בליט!
איך האָב, למשל, דאָרטן אין אַ שטאָט
און אונגערקע געזען — מיין גאָט!
זי איז געווען, נו ווי אַ באַרג די גרויס, געוויס . . .
— „איז וואָס? — באַמערקט האָט אים זיין פריינד, — „עס איז
פיל וואונדערלאַכעס דאָ אין יעדן אָרט באַזונדער,
ניט אַלע, אָבער, קוקן זיך צו דעם גאָר צו;
אָט האָבן מיר דאָ איצט פאַר זיך אַגרויסן וואונדער
און שווערן קאָן איך דיר, מיין פריינד, אַז דו
האָסט ניט געטראָפן; נאָך אַזאַ אין ערגעץ-וואו:
אָן, זעסט דו דאָרט אויף אונדזער וועג די בריק?
אָט, דוכט זיך, גאָר אַן איינפאַכע פון ערשטן בליק,
דאָך, ליגט אַ מאָדנע אייגנשאַפט אין איר:
אַ ליגנער וואַגט זיך ניט צו גיין אויף איר,
קיין העלפט אפילו גייט ער נאָך ניט דורך — און גלייך
פאַלט ער אריין אין טייך,
און ניט קיין ליגנער מעג אויף איר מיט פערד זיך יאָגן“. . .
— „ווי טיף איז דאָ באַ אייך?“
— „גאַנץ טיף; נאָר וואָס זאָל איך, מיין פריינד, דיר זאָגן,
אַ וועלט מיט וואונדער! כאָטש דיין אונגערקע, אין פלוג,
איז גרויס גענוג,
האָסט, דוכט זיך מיר, געזאָגט, אַז ווי אַ באַרג די גרויס?“
— „אַ באַרג ניט ווי אַ באַרג, נאָר זיכער ווי אַ הויז“.
— „עס גלויבט זיך קוים, איך זאָג דיר אויס,
נאָר דאָך
איז וואונדערלאַכער נאָך
די בריק אויף וועלכער אָט מיר גייען באַלד אַרויף;
זי הייבט אויף זיך קיין ליגנער גאָר ניט אויף!
און האָר האָבן זיך אין פרילינג-צייט
דורך איר דערטרונקען
אַ שניידער און צוויי צייטונגס-לייט.

(עס האָט מיט דעם די גאַנצע שטאָט געקלונגען.)
נאָך אויך
דיין אונגערקעלע ווי אַ הויז די הויך
איז וואונדערלאַך און וויכטיק,
אויב ס׳איז נאָר ריכטיק!" . . .
— „ס׳איז גאָר ניט וואונדערלאַך אַזוי; מען דאַרף פאַרשטיין
און וויסן ווי אַ זאַך צו שאַצן:
ניט מיין, אַז אומעטום איז ווי בּאַ אונדז, — פּאַלאַצן, —
די הייזער זיינען דאָרטן אַזוי שרעקלאַך קליין,
אַז קוים-קוים צווייען קאָנען אין זיי שטיין!"
— „זאָל זיין אַזוי, נאָר וואונדערלאַך איז פּאָרט
טן אונגערקע וואָס גיט פּאַר צווייען אָרט;
כאָטש ריידנדיק צוריק,
איז אויכעט ניט קיין שפּילכל אונדזער בּריק . . .
אַ ליגנער ווען ער לאָזט זיך אויף איר גיין,
איז — טראַך! אין וואַסער, ווי אַ שטיין!
עס מעג זיך זיין דיין אונגערקע ווי גרויס" . . .
— „מיין פריינד!" — האָט אים דער ליגנער אָפּגעשטעלט, —
„הער אויס!
איך מיין, אַז איידער דורכצעגיין די בּריק
איז גלייכער אומצעקערן זיך צוריק" . . .

8

# די װעװערקע

אַ װעװערקע האָט בײַ אַ לײב געדינט; מיט װאָס
און װי אַזױ, — דאָס װײס איך ניט, צו מײַן פֿאַרדראָס,
נאָר װי דאָס איז,
איר אַרבעט איז
דעם לײב געװען געפֿעלן;
דערפֿאַר האָט מען איר צוגעזאָגט אַ װאָגן ניס.
(ס׳איז ניט קײן קלײניקײט — אַ לײב צעפּרידנשטעלן!)
מען האָט איר צוגעזאָגט — זי האָפֿט —
די צײַט דערװײַלע װערט פֿאַרפֿלױגן,
און אונדזער װעװערקעלע הונגערט צו גאַנץ אָפֿט.
נאָר פֿאַר דעם קעניג שטײט זי העלדיש אױסגעצױגן,
און שמײכלט אים מיט טרערן אין די אױגן . . .
און דאָ אין װאַלד — אװאו זי קוקט זיך נאָר אַרום,
פֿאַרברײנגען אירע חבר׳טעס זיך אומעטום
און שפּרינגען אום זיך אין דער הױך פֿון בױם צו בױם,
אַז ס׳זעען זיך אין לופֿטן קױם
די פֿיסלאַך.
זי פֿינטלט, נעבאַך, מיט די אױגעלאַך אױף זײ
אין װײ,

און יענע קנאַקן זיך און קנאַקן זיך דאָרט ניסלאַך . . .
עס גלוסט זיך אונדזער וועווערקעלע אויך
אַרויפצעשפּרינגען אין דער הויך,
נאָר ס'איז ניט מעגלאַך אויף קיין אופן:
אַט דאַרף מען באַלד
צוריק צום לייב דאָך לויפן.
אַזוי איז אונדזער וועווערקע געוואָרן אַלט
און האָט דעם לייב דערעסן;
האָט מען פון דינסט איר פריי געלאָזן, און, געוויס,
האָט מען דעם צוזאָג ניט פאַרגעסן:
מען האָט אַריינגעשיקט דער וועווערקע אַ וואָגן ניס,
געקליבן נוס צו נוס באַזונדער,
אַזוינע גוטע גאָר אַ וואונדער!
נאָר איין חסרון:
די וועווערקע האָט שוין די ציינער לאַנג פאַרלאָרן . . .

# דער גוטער פוקס

א יעגער האָט אמאָל א פייגעלע דערשאָסן;
וואָלט זיך דער אומגליק דאָרט כאָטש אויסגעלאָזן
בלויז מיט דעם פייגעלע אליין, —
איז ניין!
עס מוזן אומקומען דערביי
נאָך דריי:
דריי עופה׳לאך געבליבן זיינען אָן א מאמען
נאָך ערשט פון איי, אָן כחות, אָן פארשטאנד,
פון קעלט און הונגער זיצן זיי פארשמאכט צוזאמען
און רופן נעבאך נאָכאנאנד
מיט א רחמנות׳דיקער פּישטשעריי דער מאמען . . .
— „אָ וועמען טוט דאָס הארץ ניט וויי
אויף זיי,
און ווער קאָן צוזען גלייכגילטיק א יתום׳ס ליידן?“ —
האָט צו די פויגל דאָ דער פוקס גענומען ריידן,
פארטרויערט זיצנדיק אנטקעגן אויף א שטיין.
„פארלאָזט ניט, טייערע, די קינדערלאך אליין
אין זייער צער דערשלאָגן;
צו קערנדלאך וואָלט איר זיי ברייננגען כאָטש צוטראָגן,

א פעדערל, א שטרוי,
מיר דוכט, אז נאָר אזוי
איז מעגלאַך צו פאַרהיטן זיי דאָס לעבן,
און קאָן פון דעם נאָך עפּעס העכערס געבן?
אָט זע, קוקאווע, דו פאַרלירסט דאָך סיי ווי סיי
די פעדערן, — וואָס וואָלסט דו אָנווערן דערביי,
ווען דו וואָלסט איצטער זיך געלאָזן דאָ
אביסעלע א פליק טאָן, אין א גוטער שעה,
מיט דיינע פעדערן זיי צוגרייטן א בעט? . .
דו, לערכע, איידער טראָגן זיך פון פרי ביז שפּעט
און גלאַט אזוי אין לופטן פלאַטערן און פליען,
וואָלסט דו פאַר די יתומים בעסער זיך באַמיען,
און ברייינגען פאַר זיי שפּייז פון פעלד; דו טירקעלטויב
באַדאַרפסט ניט האָבן דיינע קינדער מער אין זינען:
זיי זיינען שוין געוואָרן גרעסער, און איך גלויב,
זיי קאָנען שוין אליין דאָס עסן זיך געפינען, —
וואָלט גלייכער זיין,
דו זאָלסט צו די יתומים׳לאַך אין נעסט אריין,
און וואָלסט א מוטער זיי פאַרביטן;
און גאָט, דער האַר, וועט דיינע קינדער היטן.
דו, שוואַלב, וואָלסט כאַפּן פאַר זיי פליגן,
און דו, מיין ליבער נאַכטיגאַל, וואָלסט זיי פאַרוויגן
מיט דיינע צאַרטע, זיסע לידעלאַך צום שלאָף.
איך גלויב און האָף,
אז ווען מיר זאָלן נאָר ניט שטיין פון ווייטן,
וואָלט מען דעם שווערן אָנווער זיי געקאָנט פאַרבייטן.
הערט אויס, מיר דאַרפן ווייזן איצט פאַר לייטן,
אז גוטע הערצער האָבען מיר אין וואַלד, און ס׳ווערט" . . .
נאָר פּלוצלונג, דאָ, ביים פּיקסלס ווערטער,
ניט קאָנענדיק פון הונגער זיצן אויף די ערטער,
אראָפּגעפאַלען זיינען די יתומים׳לאַך אויף דר׳ערד . . .

און וואָס דער פוקס? ער האָט זי גלייך דערשלונגען,
און האָט אַפילו נאָך זיין דרשה ניט דערזונגען.

---

ניט וואונדער זיך, מיין לעזער! ווער ס׳איז ווירקלאַך גוט
דער רעדט ניט פיל — און טוט.
און דער וואָס פויקט נאָר פון זיין גוטסקייט אויס,
איז ער אַ גוטער אויף דעם צווייטנס חשבון בלויז,
דערפאַר, ווייל סיי-ווי-סיי
באַשטייט דאָך קיין שום אָנוועך ניט דערביי;
נאָר קומט צום טאָן, — דאַן זיינען אָפט אַזוינע לייט
פון אונזער פוקס ניט ווייט.

# די געפּלעקטע שאָף

דער לייב
געוואָרפן האָט אַן אומחן אויף געפּלעקטע שאָף;
אים וואָלט ניט שווער געווען פון זיי אַ סוף
צו מאַכן, —
נאָר ס׳איז ניט יושר׳דיק, געמיין,
אַזוי צו האַנדלען מיט אַ שוואַכן.
און גלאַט, מען טראָגט ניט צוליב דעם די קרוין
כדי צו קאָנען אונטערטאַנער דריקן,
מען דאַרף דאָך משפּט׳ן גערעכט!
און דאָ איז שלעכט:
ווען ס׳קומט נאָר אַ געפּלעקטע שעפּס פאַר זיינע בליקן
פאַרלירט ער די געדולד...
ווי ווערט מען פון זיי פּטור
און פאַר דער וועלט פון זיך אַראָפּנעמען די שולד?
איז צוליב דעם גערופן האָט ער
דעם פוקס און בער צו זיך, און זיי פאַרטרויט,
אַז די געפּלעקטע שאָף דערגייען אים ביז טויט...
און גיט ער נאָר אַ קוק אויף זיי, —
גלייך טוען אים אַזוי די אויגן וויי,

אז ער האָט מורא גאָר איינגאַנצן בלינד צו ווערן;
הכלל, ער וויל פון זיי אַ קלוגע עצה הערן.
— „אַלשטאַרקסטער לייב!“ — האָט אָפּגערופן זיך דער בער,—
„וואָס ברויכט מען דאָ אַזויפיל רייד? איך קלער
דו דאַרפסט באַפעלן גלייך, אָן קיינע גליקן,
מען זאָל די אומגעווינשטע שעפּסן באַלד צעשטיקן,
און קיינער וועט זיך דאָס צום הארצן גאָר ניט נעמען!“ . . .
באַמערקנדיק, ווי ס׳האָט דער לייב פאַרקרימט די ברעמען,
האָט זיך דער פוקס צו אים אין גאָר אַן אַנדער מוט
געווענדט: — „אַ קיניג, כ׳ווייס, אַז דו ביזט גוט,
וועסט דו די אומגליקלאַכע שאָף ניט פּלאָגן
און וועסט אומזיסט דאָך ניט פאַרגיסן זייער בלוט!
דערלויב איך זיך אַן אַנדער זאַך דיר איצט צו זאָגן:
דו הייס זיי אָפּפירן באַזונדער אויף אַן אָרט,
אַז דאָרט
זאָל זיין געגוג פאַר זיי צום עסן און צום טרינקען,
און פּלאַץ פאַר יונגוואַרג אויף צו לויפן און צו שפּרינגען,
און האָבדיק אין זינען,
אַז איצט איז שווער באַ אונדז אַ פּאַסטוך צו געפינען, —
וואָלסט דו צו זיי אין פעלד
די וועלף אַלס פּאַסטוכער געשטעלט . . .
איך ווייס ניט, — נאָר איך מיין,
אַז ס׳וועט פון זיי אַליין
שוין גאָרנישט ווערן . . .
דערווייל זאָלסט דו זיי ניט שטערן
פאַרברענגען גוט די צייט,
און וועט מיט זיי וואָס טרעפן — בלייבסט דו אָן דער זייט“ . . .
דער מלך האָט דעם פיקסלס עצה אויסגעקליבן,
און ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט אַזוי צום סוף,
אַז ניט נאָר וואָס געפּלעקטע שאָף,
נאָר שעפּסן גלאַט איז ווייניק דאָרט פאַרבליבן . . .

און וואָס האָבן געזאָגט מיט רעכט
די שכנים, די נאַראָנים?
דער לייב איז גאָר ניט אַזוי שלעכט,
די וועלף נאָר זייַנען די גזלנים.

# די גענדז

מיט גאָר א לאַנגן שטעקן האָט
א פּויער — צו פאַרקויפן — גענדז אין שטאָט
געטריבן;
נאָר צווישן אונדז גערעדט און צווישן אונדז געבליבן,
האָט ער ניט זייער שטאַרק
געשאַנעוועט די גענדז: ער האָט געאיילט צום מאַרק.
(און וואו עס הייבט נאָר מיט פּרנסה אָן צו שמעקן, —
איז ניט נאָר גענדז אַליין,
נאָר מענטשן קאָנען אויך קיין האָניק דאָרט ניט לעקן).
כ'באַשולדיק ניט דעם פּויער, — נאָר מען דאַרף פאַרשטיין,
אַז אַנדערש האָבן דאָרט די גענדז געהאַט צו זאָגן;
און טרעפנדיק אין וועג אַ מאַן,
גענומען האָבן זיי זיך הויך פאַר אים באַקלאָגן:
— „איז ערגעץ-וואו נאָך אויף דער וועלט פאַראַן
אומגליקלאַכערע גענדז? אַ פּויער זאָל אונדז פּלאָגן,
און גאָר ווי פּראָסטע גענדז באַהאַנדלען אונדז געמיין!
דער גראָבער יונג, ער קאָן גאָר ניט פאַרשטיין,
אַז ער האָט אונדז באַדאַרפט צו האָבן מער אין זינען,
און אַכטן מער . . . ווייל אונדזער יחוס טוט זיך שפּינען

פון יענע געגנדן, וואָס האָבן רוים פון גרוים געפּאַר
געראַטעוועט אַמאָל! . . . מען האָט דערפאַר
לכבוד זיי אַ יום-טוב דאָרטן איינגעפירט" . . .
— „און איר אַליין מיט וואָס שטאָלצירט?" —
האָט זיי דער דורכגייער אַ פראַגע באַלד געשטעלט.
— „די אָבות אונדזערע" . . . — „דאָס ווייס די גאַנצע וועלט,
איך ווייס דאָס אויך, און נעם דאָס אַלץ אין אַכט;
נאָר וויסן וויל איך וויפיל נוץ האָט איר געבראַכט?"
— „די זיידעס" . . .—„יע, געוויס, נאָר גיט מיר צו פאַרשטיין.
וואָס האָט איר אויפגעטאָן אַליין?"
— „מיר? גאָרניט" . . . — „היינט מיט וואָס זייט איר
אַזוי געראָטן? . . .
איר לאָזט צורו די זיידעס: זיי האָט מען געערט,
ווייל זיי געוועזן זיינען ווערט, —
און איר, געשעצטע פריינט, טויגט בלויז צום בראָטן".

---

מען קאָן די פאַבל בעסער נאָך דערקלערן, —
נאָר זאָל דער טומל פון די גענדז ניט גרעסער ווערן . . .

# די קאַץ און דער קוכער

אַ קוכער איז אַמאָל פון קיך אַוועק
אַ ווײַלינקע אין שענק אַנטקעגן איבער וועג;
(ער האָט געהאַט אַ יאָרצײַטל נאָך אַ מחותן
און האָט געוואָלט דערמאָנען אים צום גוטן).
אום אײַנצוהיטן דאָרט די שפּײַז
פון מײַז
האָט ער אַ קאַץ געלאָזט אין קיך.
נאָר וואָס האָט ער דערזען ווען ער האָט זיך
פון שענק צוריקגעקערט?
אויף דר׳ערד,
צעוואָרפן אומעטום די ברעקלאַך פון אַ טאָרט
און אין אַ ווינקל לעבן עסיג-פעסל דאָרט,
איז אונדזער קעצל מיט אַ ברען
אין אַ געבראָטן הינדל שטאַרק פאַרטאָן געווען.
— „דו גזלנ׳טע!“ — האָט ער פאַרבראָכן מיט די הענט, —
„ווי האָסט דו ניט קיין בושה פאַר די ווענט.
איך רייד שוין ניט — פאַר מענטשן!“
(די קאַץ דערווײַלע רייבט אַרײַן.)
„וואָס הייסט! געווען ביז איצטער ערלאַך, שיין און פײַן,

אז אַלע פֿלעגן זיך מיט דיר דאָך בענטשן
און דו . . . אוי ווײ, וואָס פֿאַר אַ שאַנד!
איצט וועלן זאָגן לײט און לאַנד,
אַז דו ביזט, קעצעלע, ניט ערלאַך,
ביזט, קעצעלע, אַ גנבֿ׳טע! און דיך
איז ניט וואָס אין אַ קיך,
נאָר אויף אַ הויף אַרויסצעלאָזן איז געפֿערלאַך!
אַ שטייגער ווי אַ וואָלף אין שטאַל מיט שאָף . . .
דו ביזט פֿאַר אונדזער געגנט דאָ אַ פּלאָג, אַ שטראָף!״ . . .
(די קאַץ דערווײַלע עסט — און האַלט אין שווײַגן).
דאָ האָט ערשט דער בעל דברן איר געגומען צייגן
מיט הויכע ווערטער און מיט שטראָף־רייד אָן אַ סוף
זיין גרויס פֿאַראַכט און עקל . . .
נאָר וואָס איז פֿאַרט אַרויס דערפֿון?
ווען יענער האָט גערעדט, — האָט אונדזער קאַץ די הון
דערווײַלע אויפֿגעגעסן ביז אַ ברעקל.

---

אַ צווייטן קוכער וואָלט איך אויף דער וואַנט
געהייסן זיך פֿאַרשרייבן:
קיין פּוסטע רייד און קיין קאַטאָוועסן ניט טרייבן,
אַוואו עס פֿאָדערט זיך אַ שטאַרקע האַנט.

# דער מילנער

דאָס וואַסער האָט אַמאָל
דעם מילנערס הרעבליע דורכגעשלאָגן.
עס וואָלט ניט שווער געווען דאָרט צומאָל
דעם אומגליק צו פאַרטראָגן,
ווען מען וואָלט זיך ניט פוילן צולייגן אַ האַנט, —
דעם מילנער אַרט עס אָבער ווי די וואַנט.
און וואָס אַ טאָג דאָס וואַסער רייסט אַלץ מער און מער
— „העי, מילנער, דרימל ניט, ניט קלער
און זע, זיי ניט קיין נאַר“. . .
דער מילנער אָבער זאָגט, ס׳איז ווייט נאָך פון געפאַר,
איך האָב זיך גאָר ניט וואָס צו שרעקן,
דען פאַר מיין מיל וועט שטענדיק וואַסער קלעקן.
ער שלאָפט, — און דאָ
הייבט אָן פון שעה צו שעה
דאָס וואַסער גרעסער ווערן. . .
און קורץ, געדויערט האָט ניט פיל,
ביז ס׳האָט זיך גאָר איינגאַנצן אָפּגעשטעלט די מיל.
ערשט דאָ האָט אונדזער מילנער אָנגעהויבן קלערן
ווי היט מען איין דאָס וואַסער, און וואָס הויבט מען אָן

צו טאָן
צום אומגליק וואָס אים האָט געשען.
דערוויילע טראַכטנדיק אַזוי, האָט ער דערזען
אַז זיינע הינער גייען
זיך אָנטרינקען צום טייך.
— „נאַראָנים אומגעלומפּערטע!" — האָט מיט געשרייען
אין גרויסן כעס גלייך
דער מילנער זיך צו זיי געלאָזן לויפן,—
„איר זעט, אַז וואַסער פעלט מיר פאַר דער מיל אַליין
זייט איר געקומען נאָך צוגיין
דאָס לעצטע ביסל אויסצעזויפן!"...
און מיט אַ שייטל האָליץ האָט ער זיי דאָרט
אַוועקגעלייגט באַלד אויפן אָרט.

און האָט ער זיך מיט דעם געהאָלפן פיל?
אָן וואַסער און אָן הינער — איז ער אַוועק פון מיל.

# די קאַץ און דער נאַכטיגאַל

א קעצל האָט געכאַפּט אַ נאַכטיגאַל אין וואַלד,
און האַלטנדיק אים אין די נעגל, האָט זי באַלד
פאַרפירט מיט אים אַ רייד: — „איך האָב געהערט,
אַז פאַר דיין זינגען ביזט דו אומעטום געערט;
מיר האָט דער פוקס דערציילט ניט לאַנג,
אַז פון דיין שטים, פון דיין געזאַנג
פאַרלירען גאָר די פאַסטוכער דעם זינען;
איך וואָלט אַליין דאָס זייער וועלן אויסגעפינען . . .
ניט ציטער, טייערער, דען ווי דו קוקסט מיך אָן,
וועל איך דיר איצטער גאָרנישט טאָן;
בלויז מיר צוליב, זינג עפּעס אויס, —
דאַן לאָז איך דיך צוריק אין וואַלד אַרויס;
כ'האָב ליב מוזיק ניט ווייניקער פון דיר:
עס האָט ניט איינמאָל שוין מיט מיר
געטראָפן,
אַז מורטשענדיק אַ לידל ווער איך זיס אַנטשלאָפן."
דער נאַכטיגאַל, דערווייל, האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן
אין אירע נעגל דאָרט דעם אָטעם קוים געצויגן.
— „נו וואָס?" —

האָט נאָכגעפרעגט די קאַץ — „וועסט זינגען עפּעס וואָס
פאַר מיר?“
נאָר אונדזער זינגער נעבאַך האָט ביי איר
געפּישטשעט, ניט געזונגען . . .
— „מיט דעם האָט דיר געלונגען
די הערצער אַלעמענס צו פאַנגען?“ —
האָט אים די קאַץ געפרעגט מיט שפּאָט —
„און דאָס זיינען די צאַרטע ריינע קלאַנגען,
פון וועלכע אַלע רעדן דאָס אויף יעדן טראָט?
איך קאָן אַ פּישטשערייַ אַזאַ, מוז איך דיר זאָגן,
פון מיינע קעצעלאַך אפילו ניט פאַרטראָגן!
אַ זינגער, זע איך, ביזט דו גאָר אַ קליינער,
נאָר לאָמיר זען, צי טויגסט דו פאַר די ציינער“ . . .
ניט לאַנג געטראַכט, —
האָט זי פון אונדזער זינגער דאָ אַ סוף געמאַכט.

---

און זאָגן אויפן אויער אייך, וואָס איך פאַרשטיי?
ס'איז אָך און וויי
צום נאַכטיגאַלס געזאַנגען,
ווען ער איז אין די נעגל ביי דער קאַץ געפאַנגען . . .

# צוויי הינט

דער אַלטער הונט באַרבאָס,
וואָס האָט געטריי געדינט דעם באַלעבאָס
און האָט געהיניעט שטענדיק לעבן טויער,
האָט אויף אַ פענסטער פון אַ רייכן מויער
דערזען אַמאָל זיין פריינד, אַ פודל־הונט אַ קליינעם
מיט וועלכן ער האָט אויפן הויף געלעבט אינאיינעם.
באַרבאָס האָט זיך מיט אים אַזוי דערפרייט,
אַז ער האָט אָנגעהויבן רייסן זיך און בילן,
און אומשפרינגען און דרייען מיטן עק פאַר פרייד,
און פול מיט פריינדלאַכע געפילן
האָט ער אַליין שוין ניט געוואוסט גאָר וואָס צו טאָן:
— „ווי גייט עס דיר, מיין טייערער, פון דאמאָלסט אָן,
זינט ווען מען האָט אין פּאַלאַץ דיך גענומען?
געדיינקסט אונדז איז ניט איין מאָל אויסגעקומען
צוזאַמען טאָג און נאַכט
צו ליגן אויפן הויף פאַרשמאַכט . . .
נו זאָג, ווי לעבט זיך דאָס דיר היינט?“ . . .
— „ניט צו פאַרזינדיקן“, — געענטפערט האָט זיין פריינד, —
„איך לעב אין גוטס און פאַרגעניגען.

דער באַלעבאָס האָט מיך גאָר ווי זיין לעבן האַלט;
איך עס אויף זילבער און אויף גאָלד;
איך לויף אַרום און שפּיל, און קאָן זיך ליגן
אויף אַלע בעסטע טעפּיכער צו האָבן רו . . .
און ווי לעבסטו דו?"
— „ווי איך?" — האָט אָפּגעענטפערט אים באַרבאָס
אַרונטערלאָזנדיק דעם וויידל און די נאָז, —
„איך מאַטער זיך ווי פריער אויף דער וועלט:
און לייד פון הונגער און פון קעלט,
איך שלאָף אַהינטער פּלויט, און היטנדיק דאָס הויז,
טרעפט אָפטמאָל אַז דער רעגן נעצט מיך אויס . . .
און גיב איך ווען אַ ביל,
אַזוי זיך אָן אַ ציל,
באַקום איך קלעפּ . . . נאָר ווי ביזט דו צום גליק געקומען,
אַז דו, אין תוך גענומען,
ביזט שוואַך און קליין, — און איך, כאָטש איך בין פעסט געבויט,
דאָך רייס איך זיך אומזיסט פון הויט
און פּלאָג זיך אָפּ מיין גאַנצן לעבן פאַר אַ ביין?
און וואָס באַשטייט דיין דינסט? איך קאָן דאָס ניט
פאַרשטיין!" —
— „מיין דינסט אין וואָס באַשטייט? ס'איז שיין!" —
האָט אָפּגעענטפערט אים זיין פריינד פאַרדריסלאַך —
„איך גיי דאָך אום אויף הינטער-פיסלאַך!"

---

ווי אָפט געפינט מען גליק און רו און חן, —
דערפאַר נאָר וואָס מען קאָן אויף הינטער-פיסלאַך גיין.

# דער פוקס און דער אייזל

— „פון וואנען שפאנסטו דו, קלוגער מוח?"
געגעבן האָט דער פוקס אַ פרעג
דעם אייזל טרעפנדיק מיט אים זיך אויפן וועג.
— „אָט ערשט פון לייב; נאָר וואו איז דאָס זיין כח
זיין פריערדיקער שטאָלץ אהינגעקומען!
געדיינקסט דאָך פון זיין ברומען
פלעגט ציטערן אמאָל דער וואלד.
און איך פלעג אויך אנטלויפן אָן אַ זינען,
ניט קאָנענדיק קיין אָרט געפינען,
און איצט איז ער שוין שוואך און אַלט,
און מאַכטלאָזיק געוואָרן;
אין הייל נאָך וואַלגערט ער זיך גאנצע טעג...
וועסט גלויבן? אַלע חיות האָבן זייער שרעק
פאַר אים אינגאנצן שוין פארלאָרן;
מען צאָלט אים איצטער אָפּ פאַר פריערדיקע יאָרן
איעדער לויט זיין שטייגער, ווי מען וויל אליין:
דער — מיטן האָרן
און יענער מיט די ציין"...
— „און דו?" — האָט אים דער פוקס געפרעגט, — „איך גלויב,

דו האָסט זיך ניט געוואָגט צו אָנרירן דעם לייב"...
— „און איך בין וואָס?" —
געענטפערט האָט דער אייזל מיט פאַרדראָס, —
„איך האָב אים אויך אַ בריק געטאָן, וואָס איז?
און זאָל ער אויך באַקענט זיין מיט דעם אייזלס פיס"...

---

אַזוי איז אויך מיט פּראָסטע לייט: ביזט דו געהויבן, —
דאַן וואָגן זיי אויף דיר דעם בליק ניט אויפצוהויבן;
און פאַלסט דו נאָך אַראָפּ, חלילה, פון דיין גרויס,
דאַן וועלן זיי די ערשטע געבן דיך אַ שטויס.

# די חלוקה

פאַרמאָגנדיק אַ הויז און אַ געשעפט אינאײנעם,
גענומען האָבן שותפים אין אַ טאָג אַ שײנעם
פאַנאַנדערטײלן זיך דעם אײגנס און דאָס געלט;
עס פירט זיך דאָך אַזוי שוין אויף דער וועלט,
אַז בײ אַ חלוקה הײבט מען אָן זיך קריגן.
אויך דאָ האָבן די שותפים ניט געשוויגן,
ערשט מיט אַמאָל ווערט אַ געשרײ: עס ברענט די הויז!
— „שנעל ראַטעוועט פון דאָרט אַרויס
דאָס געלט, די סחורות און פּאַפּירן!“ —
האָט אײנער אָנגעהויבן שרײען הויך, —
„דעם חשבון וועט איר שפּעטער אויך
דערפירן!“ . . .
— „מײן טויזנטער! אויב ניט טרעט איך ניט אָפּ פון אָרט!“—
האָט נאָך אײנער גענומען טומלען דאָרט.
— „און מיר צוויי טויזנטער דערגעבן נאָר,
איז שוין דער גאַנצער חשבון קלאָר!“ . . .
— „וואָס הײסט! פאַרוואָס? ווי קאָן דאָס זײן?
איך שטים אויף דעם ניט אײן!“ . . .
דאָ האָבן זיך די שרײער

איינגאַנצן גאָר פאַרגעסן אָן דעם פייער,
און האָבן אַזוי לאַנג געפּאַמפּערט זיך, געקריגט,
ביז וואַנען ס׳האָט זיי אַלעמען דער רויך דערשטיקט . . .
און אומגעקומען זיינען זיי אין פלאַמען
מיט זייער האָב און גוטס צוזאַמען.

---

פיל וויכטיקע ענינים ווערט מען אָן דערפאַר,
ווייל ווען מען דאַרף זיך איינינגן און זען באַזיגן
די אַלגעמיינע צרה און געפאַר, —
הייבט מען זיך אָן פאַר אייגענע געשעפטלאַך קריגן.

# דער אייזל

ביים פויער איז געווען אן אייזל, אויך אזוי פיל
באשיידן, דוכט זיך, שטיל און פרום,
אז אונדזער פויער פלעגט אים לויבן אומעטום.
אוים מורא און אוים צווייפל,
אז אין א שיינעם טאָג
זאָל אים דער אייזל ניט פארלאָזן,
האָט ער אים אויפגעהאנגען אויפן האלדז א גלאָק.
דער אייזל האָט זיך דאָ גענומען בלאָזן
און מיינען, אז ער איז, גאָט ווייס, ווי גרויס.
נאָר שפעטער איז דער כבוד אים מיט קלעפ ארויס . . .
(דער ביישפיל איז דאָ ניט פאר אייזלען בלויז).
איך מוז אייך זאָגן אין דער שטיל,
אז יושר זייער פיל
האָט פריער אויך דער אייזל ניט געהאט . . .
נאָר ביזן גלעקל פלעגט אים אלץ אראָפּגיין גלאַט:
און איז ער ווען אריין אין האָבער, צי אין גאָרטן
פלעגט ער זיך אָנפרעסן צו זאט —
און באלד פון דאָרטן
אוועקגיין אין דער שטיל, —

נאָר מיט׳ן גלעקל איז געוואָרן ערגער פיל:
ווייל ווי ער פלעגט זיך טאָן אַ קער
פון דאַנען נאָר אַהער,
באַלד פלעגן זיך דערהערן הויכע קלאַנגען;
און אַנגעהויבן האָט מען אָפּטמאָל זען,
ווי ס׳טרייבט דער באַלעבאָס פון גאָרטן אים מיט שטאַנגען...
און טרעפן פלעגט ניט זעלטן ווען,
אַז אויך דער שכן,
דערהערנדיק נאָך פון דער ווייט,
אַז ס׳איז דער אייזל אויף זיין פעלד פאַרקראָכן,
פלעגט אים מיט פלעקער אָפּרייסן אַ זייט;
און אָט-אַזוי-אָ איז די גאַנצע צייט
דער אייזל דאָרט געווען פון אַלעמען געטריבן...
ביז האַרבסט איז, נעבאַך, אונדזער נייער האַר
אַזוי געוואָרן דאַר,
אַז הויט און ביינער זיינען נאָר פון אים פאַרבליבן...

# די פליג און די בין

אין גאָרטן פרילינגס-צייט, ווען אַלץ געווען איז גרין,
איז אויף אַ בלאַט אַ פליג געזעסן;
און אויף אַ בלום ניט ווייט, דערזעענדיק אַ בין,
האָט זי ביי איר געפרעגט: — „ווי האָט ניט דיר דערעסן
צו אַרבעטן פון פרי ביז שפּעט די גאַנצע יאָרן?
מיר דוכט, אַז איך, אויף דיין אָרט, וואָלט דאָך קראַנק געוואָרן.
אָט איך, לעב בעסער פיל פון דיר, דען ווי דו זעסט,
פלי איך אַרום די גאַנצע צייט אין געסט;
און אָן גאַרימעריי, — איך ווייס פון אומעטום
אַרום
די הייזער פון די שענסטע, רייכסטע לייט,
און וואָלסט דו זען ווי איך פאַרברענג דאָרט גוט די צייט!
אַ חתונה, אַ מאָלצייט וואו עס איז
בין איך די ערשטע דאָרט געוויס;
איך עס און טרינק
אַלצדינג
פון זילבער און קריסטאָל,
און פריער פון די געסט פאַרזוך איך אַלעמאָל
די שפּייזן וואָס מען דאַרף צום טיש דערלאַנגען;

און שיינע פרויען ליבענדיק — רו איך זיך אָפּ
גאָר פראַנק און פריי אויף זייער האלדז און אויפן קאָפּ"...
— „איך ווייס דאָס אַלץ" — האָט איר די בין דערקלערט —
נאָר דאָך האָב איך געהערט,
אַז אומעטום
וואו דו קומסט נאָר — קוקט מען אויף דיר קרום.
און מיט בזיונות טרייבט מען דיך גאַנץ אָפּט פון הויז!"
— „וואָס מאַכט דאָס אויס?" —
האָט אָפּגעענטפערט איר די פליג, —
„מען טרייבט פון פענסטער מיר אַרויס —
פלי איך פון טיר אַריין צעריק!"...

# דער חזיר

א חזיר איז אמאָל ארויף
צום פריץ אויפן הויף;
ער האָט ארומגעשלעפּט זיך דאָרטן אומעטום,
ארום
די שטאַלן און די קיכן
זיך אויסגעוואַלגערט אויך אין בלאָטע אומגעשטערט,
און האָט פון געסט זיך אומגעקערט
אהיים אין גיכן
דער זעלבער דבר־אחר ווי געוועזן . . .
— „וואָס האָסטו דאָרט, רב כראָפּ, אַזוינס געזען?" —
האָט אים דער פּאסטוך גלייך א פראַגע דאָרט געשטעלט, —
עס הערט זיך דאָך פון שטענדיק אויף דער וועלט,
אז פּריצים האָבן פּערל, דימענטן א סך
און אז אין הויז בא זיי איז יעדע זאַך
פון גרויסער ווערט" . . .
— „א ליגן!" — האָט דער חזיר כרוקענדיק דערקלערט, —
„מען באַלבעט דאָס אומזיסט!
כ'איז דאָרטן אומעטום נאָר שמוץ און מיכט;
זיי מוזן גאָר קיין רייכקייטן ניט האָבן . . .

און, דוכט זיך, איך האָב שוין געגוג,
ניט זשאַלעווונדיק גאָר מיין שנוק,
דעם גאַנצן הינטער־הויף צעגראָבן.

---

באַהיט מיך גאָט, אַז איך זאָל עמיצן פון אייך
באַליידיקן מיט מיין פאַרגלייך,
נאָר איז דען ניט דער קריטיקער אַ שוויין,
ווען ער זעט בלויז דאָס שלעכטע, וואו ער קוקט אַריין?

# די מויז און דער ראַץ

— „האָסט דו געהערט שוין מחותנת׳טע, די נייס,
פון וואָס ער ריידן איצטער אַלע מייז?“
האָט אַ צעפּרידענע געפרעגט די מויז דעם ראַץ, —
„מען זאָגט, אַז ס׳איז די קאַץ
אַריינגעפאַלען אין די נעגל צו דעם לייב“.
— „ניט גלויב
און פרייַ זיך ניט מיט אַן אומזיסטער פרייד“, —
האָט איר דאָ אָפּגעשטעלט דער ראַץ אין מיטן רייד,
„מען דאַרף פאַרשטיין,
אַז ווען באַ זיי זאָל צו די נעגל נאָר דערגיין —
וועט דאָרטן שוין דער לייב געוויס ניט בלייבן לעבן:
ווייל שטאַרקער פון אַ קאַץ קאָן אויף דער וועלט ניט געבן!“

# די גריל און די מוראַשקע

אונדזער שפּרינגערן, די גריל
אָפּגעזונגען האָט דעם זומער,
ביז דער ווינטער פול מיט קומער
איז זיך אָנגעקומען שטיל;
אָפּגעשטאָרבן וואלד און פעלד,
ס׳האָט זיך שוין די צייט געפעלט,
ווען בא יעדן גרינעם בלאַט
האָט זי גרייטע קעסט געהאַט;
אַלץ אוועק איז ווייט אהינטער,
און דער קאַלטער, בייזער ווינטער
ברענגט דעם הונגער באַלד צוטראָגן;
זינגט שוין אונדזער גריל ניט מער, —
נאָר עס קאָן דען זינגען ווער
אויף א הונגעריקן מאָגן?
און צו דער מוראשקע שטיל
פויזעט טרויעריק די גריל.
— „לאָז מיך, פריינט, ביי דיר פאַרבלייבן
מערער כחות אָנצעקלייבן,
ביז דעם ליבן פרילינג בלויז

האלט מיך, טייערינקע, אוים.״
— „זאָג נאָר מיר, איך קוק דיך אָן,
האָסט דו זומער וואָס געטאָן?״
פרעגט איר די מוראשקע שטיל.
— „ווער האָט דאָס געטראַכט דען פיל?
אין די גרינע גראָזן דאָ,
פלעג איך מיר צו יעדער שעה
זינגען לידער . . . און פון פרייד
האָט זיך מיר דער קאָפּ פארדרייט״ . . .
— „הא? דו האָסט״ . . . — „דער זומער לאַנג
איז אוועק נאָר אין געזאַנג״ . . .
— „האָסט געזונגען? דאָס איז שיין!
קאָנסט דו איצט אַ טענצל גיין״ . . .

# די אינד

א יונגע אינד,
וואָס האָט פאַרלאָרן ערשט איר קינד,
האָט אויסגעזוכט צווי קליינע וועלפעלאַך אין וואַלד
און האָט זיי מיט איר מילך גענומען שפּייזן באַלד.

א פּרוש, וועלכער האָט אין זעלבן וואַלד געוואוינט,
איז פון דער אינדס באַנעמונגען געווען ערשטוינט.
— „אומגליקלאַכע, דו ביזט, ווייזט אוים, אַראָפּ פון זינען!“ —
האָט ער זיך צו דער אינד געווענדט.

„פאַר וועמען האָסט דו דאָס דיין מילך פאַרשווענדט?
דו מיינסט, אַז דו וועסט דאַנקבאַרקייט בא וועלף געפינען?
דו קאָנסט נאָך זייער רשעות ניט פאַרשטיין,
קאָן זיין, אַז ווען עס איז נאָך וועלן זיי אַליין
דיין בלוט פאַרגיסן“ . . .
— „קאָן זיין“, — געענטפערט האָט די אינד, —
„כ'האָב ניט געטראַכט פון דעם און וויל פון דעם ניט וויסן, —
א מוטער בין איך נאָר אַצינד!

און מיר וואָלט שווער געווען מיין מילך אין זיך צו פילן,
ווען איך וואָלט זייער הונגער באַלד ניט שטילן".

---

אַן אמת'ער אַ גוטער טוט נאָר טובות בלויז
און קוקט אויף קיינעם ניט אַרויס,
ווייל אים איז שווער צו האָבן זיין פאַרמעגן
און גאָרנישט אויפטאָן פאַרן צווייטנס וועגן.

# די פיש־יויך

— „מיין שכן, טייערער, וואָס עסט דו אַזוי ווייניק?"
— „אַ דאַנק, איך בין שוין זאַט"... — „וואָס מאַכט דאָס אויס,
נו, נאָך אַ טעלערל, הער אויס,
די פיש־יויך איז געקאָכט אַזוי ווי פאַרן קייניג!"
— „איך האָב דאָך אויפגעגעסן שוין אַ טעלער דריי"... —
— „וואָס פאַר אַ רעכענונגען פירסט דו דאָ דערביי,
אויב דיר איז נאָר געפעלן — וואָס איז דאָ די רייד,
עס אויף די גאַנצע יויך געזונטערהייט!
דו זע, ווי שיין זי איז און געל,
אַזוי ווי מיט ברושטין פאַרצויגן קלאָר און העל...
טו מיר צוליב, מיין פריינד, און זאָל דיר וואויל באַקומען,
נעם העכט, נעם קאַרפּ און רויג אַ שטיקעלע דערצו,
כאָטש נאָך אַ לעפל! פּרואוו, מיין ווייב, אים בעטן דו"...
אַזוי האָט איינער דאָס זיין שכן אויפגענומען,
און ניט געגעבן אים קיין רגע רו.
פון גאַסט ביי יעדער ביסן
האָט שוויים שוין טייכנווייז גענומען גיסן, —
דאָך נעמט ער נאָך אַ טעלער צו,
און עסט — כאָטש ס'גייען אים די כחות איבער...

— „אזוי, האָב איך דיך ליב, מיין פריינד!
נאָר די, וואָס קווינקלען זיך, די האָב איך פיינט;
נעם נאָך א טעלערל, מיין ליבער“...
דאָ, נעבאך, האָט דער אומגליקלאַכער גאַסט ביים טיש, —
ווי שטארק ער האָט ניט ליב געהאט א יויך פון פיש, —
ניט האָבנדיק קיין אַנדער מיטעל, —
געכאַפּט האָט באַלד זיין גאַרטל און זיין היטל,
און א צעדולטער קוים אהיים אַנטלאָפן שנעל.
צייט דאַן — טרעט ער ניט איבער מער דעם שכנ׳ס שוועל...

---

ביסט גליקלאַך, שרייבער — אויב דיין טאַלענט איז גרויס,
נאָר אויב דו קאָנסט ניט שווייגן ווען עס קומט דיר אויס
און די חברים פירסט דו פון געדולד אַרויס, —
דאַן וויסן זאָלסט דו, אַז דיין פּראָזע און די לידער
זיין וועלן אַלעמען, ווי יענעמס יויך, דערווידער.

# דער האַר

א שררה איז אמאָל פון זיין פאַרפּוצטער בעט
אין לאַנד וואו ס'הערשט פּלוטאָן אוועקגעגאַנגען;
געשטאָרבן, — הייסט דאָס, — פּראָסט געגרעדט.
אויף יענער וועלט האָט מען אים גלייך עמפּפאַנגען,
באַטראַכט
און באַלד צום משפּט אים געבראַכט:
— „אין וועלכן לאַנד ביזט דו געווען געבאָרן,
און וואָס האָסט דו געטאָן דאָרט אויף דער וועלט?“
האָט מען אַ פראַגע אים געשטעלט.
— „איך האָב אין פּערסיען געלעבט די גאַנצע יאָרן
און האָב אין דער רעגירונג דאָרט
פאַרנומען גאָר אַ וויכטיקן און גרויסן אָרט;
נאָר ווייל איך בין געווען ביים לעבן שטענדיק שוואַך,
פלעג איך אַליין ניט טאָן קיין זאַך —
נאָר מיין געהילף פלעגט דאָרט פאַר מיר די הערשאַפט פירן“.
— „און וואָס געטאָן האָסט דו?“
— „געגעסן גוט, געטרונקען און געלעבט אין רו;
בלויז אונטערשרייבן פלעג איך די פּאַפּירן,
וואָס מיר דערלאַנגען פלעגט דער סעקרעטאַר“.

— „גן-עדן גיט דעם האר!“
האָט אַ באַפעל זיך גלייך דערהערט פון אויבן.
— „און וואו איז די גערעכטיקייט, פאַר וואָס!“ —
האָט דער קטגור אויסגעשריען מיט פאַרדראָס.
— „פאַרשטייסט ניט“, — האָט זיך דער סנגור אויפגעהויבן,
„דו זעסט דען ניט, אַז דער פאַרשטאָרבענער, דער האַר,
איז דאָך געווען אַ גרויסער נאַר?
איז וואָס וואָלט זיין, באַטראַכט,
ווען האָבנדיק זיין גרויסע מאַכט,
וואָלט ער אַליין די הערשאַפט נעמען אין זיין האַנט?
דאָס גאַנצע לאַנד
וואָלט דאָך דורך אים אומגליקלאַך ווערן!
דאָרט וואָלטן אייביק זיך ניט אויסנעמען קיין טרערן
און קיין געוויין . . .
גן-עדן האָט ער נאָר דערפאַר באַקומען,
ווייל ער אַליין
האָט זיך צו קיין זאַך ניט גענומען“.

---

ערשט נעכטן בין איך אין געריכט געווען
און האָב דעם ריכטער דאָרט געזען;
נו, קאָן מען, דוכט זיך, זיכער זיין
אַז אין גן-עדן וועט ער גלייך אריין.

## דער לייב און דער פוקס

א פוקס, וואָס האָט קיין לייב נאָך קיינמאָל ניט געזען,
האָט אים דערזעענדיק פון פּחד קוים אַנטלאָפן;
אַביסל שפּעטער ווען ער האָט דעם לייב געטראָפן,
איז אים דער לייב שוין אַזוי שרעקלאַך ניט געווען.
צום דריטן מאָל, — האָט אונדזער פוקס שוין מוט באַקומען
און מיטן לייב זיך שמועסן גענומען.

---

מיר שרעקן זיך גאַנץ אָפט פאַר גרויסע לייט,
כּל זמן מיר קענען זיי נאָר פון דערווייט.

## דער אָקס און די פליג

א פליג האָט ביי אַן אָקס געזעצט זיך אויפן האָרן:

— „אויב דיר, מיין ליבער הער,
איז שווער
געוואָרן, —
פלי איך מיר באַלד אַוועק
אין זעלבן וועג
צוריק" . . .

— „איך פיל דיך ניט, — וואו ביזט דו, פליג?" . . .

8

## דער וואָלף און דער פוקס

מיר שיינקען יענעם אַלץ, וואָס טויג אונז ניט אַליין;
איך וועל דאָס אין אַ פאַבל געבן צו פאַרשטיין,
ווייל, ווי עס ווייס די גאַנצע וועלט, —
איז אונדז דער אמת ליבער האַלב-פאַרשטעלט.

---

אַ פוקס האָט אָנגעגעסן זיך מיט עוף
און פיינעם ביילעק;
באַהאַלטנדיק אויף שפּעטער, נאָכן שלאָף,
אַ היפּשן חלק, —
האָט ער זיך צוגעלייגט ביים סטויג אַ דרימל טאָן;
ערשט מיט אַמאָל אַ הונגעריקער וואָלף קומט אָן.
— „ווען דו וואָלסט ווייסן, ליבער פריינט,
וואָס איך האָב זיך דאָס אויסגעשטאַנען היינט!“
האָט זיך דער וואָלף באַקלאָגן דאָ געקומען, —
„איך האָב קיין ביינדל ערגעץ ניט געקאָנט באַקומען:
די הינט, די בייזע, בילן אָן אַ סוף,
און אויך דעם פּאַסטוך נעמט גאָר ניט קיין שלאָף;
דער הונגער מאַטערט מיך, אַז כ׳ווייס ניט וואָס צו טאָן,
כאָטש נעם אַ מיתה טו זיך אָן!“ . . .

— „אזוי, מיין טייערער? אוי ווײ!
צי ווילסט דו אפשר ניט אביסל הײ?
מיר האָבן אָט אַ גאַנצע קופּע דאָ,
און איך בין גרייט צו יעדער שעה
אַ גוטן חבר צו באַדינען" . . .
נאָר ניט פון הײ האָט אונדזער וואָלף געטראַכט, —
ער האָט אַ פלײשיקס גאָר געהאַט אין זינען . . .
נאָר פון דעם פלייש האָט אונדזער פוקס אַ שווייג געמאַכט;
און אָט אזוי, מיט גרויסן כבוד אויפגענומען,
איז נעבאַך אונדזער וואָלף אַוועק אַהיים פאַרשמאַכט,
אַ הונגעריקער, ווי ער איז געקומען . . .

107

# די וועלף און די שעפסן

געקומען אויף די שעפסן איז אַ שלעכטע צייט;
פון וועלף די חוצפּה איז דערגאַנגען אַזוי ווייט,
אַז די רעגירונג פון די חיות האָט צום סוף
געמוזט שוין אָננעמען זיך פאַר די שאָף;
און אָן אַסיפה האָט מען טאַקע באַלד
צונויפגערופן צוליב דעם אין טיפן וואַלד.
ס'איז אמת, אויף דער זיצונג האָבן וועלף געהאַט
אַ גרויסן צד,
נאָר ניט אויף אַלע וועלף דאָך גייט אַ שלעכטער שם!
מען דאַרף דאָך אויך אויף דעם,
זיך ניט פאַרגעסן,
אַז אָפּטמאָל גייען וועלף די סטאַדעס שאָף פאַרביי
און רירן זיי אַפילו גאָר ניט אָן דערביי,
געוויינטלאַך, ווען זיי זיינען אָנגעגעסן . . .
פאַר וואָס פאַרט, טאַקע, זאָלן וועלף ניט האָבן דאָרט
קיין וואָרט?
געוויס, מען דאַרף די שאָף ניט אונטערדריקן,
מען טאָר דאָך אָבער אויך די וועלף דורכאויס ניט שטיקן!
הכלל, מען האָט אויף דער אַסיפה לאַנג געטראַכט

און ענדליך האָט מען דאָרט אַזאַ געזעץ געמאַכט;
איך גיב אייך דאָ אים איבער וואָרט אין וואָרט גענומען:
„ווי נאָר אַ וואָלף וועט אין אַ סטאַדע קומען,
און וועט זיך דאָרטן מיט אַ שעפּס ניט שיין
באַגיין, —
דאַן האָט די שעפּס די פולע רעכט אין האַנט,
ניט נעמענדיק אין אַכט זיין הויכן ראַנג און שטאַנד, —
דעם וואָלף צו כאַפּן פאַרן קאַרק און אים מיט גוואַלד
אַוועקשלעפּן צום משפּט גלייך אין וואַלד.“
אָט האָט איר דעם געזעץ — פון אָנהייב ביזן סוף;
און כאָטש מען זאָגט, אַז וועלף באַקומען יע אַ שטראָף, —
נאָר עד היום נאָך זע איך סוף כּל סוף,
אַז ווער עס זאָל דער שולדיקער ניט זיין,
אַלץ שלעפּן וועלף די שעפּסעלאַך אין וואַלד אַריין...

# די מאַלפּע און דער פוקס

א מאלפּע האָט זיך פאַרן פוקס געשטעלט באַרימען:
— „נו זאָג אַליין, צי האָסט דו ווען
א חיה ערגעץ אויף דער וועלט געזען
וואָס איך זאָל זי ניט קאָנען איבערקרימען?“ . . .
— „געוויס“, — געענטפערט האָט דער פוקס אויף גיך,
„דאָך וויים איך ניט, צי קאָן מען גאָר געפינען
א חיה, וועמען ליגן זאָל אין זינען
צו נעמען איבערקרימען דיך“ . . .

## דער וואָלף און די פּאַסטוכער

א וואָלף, באַמערקנדיק אַמאָל
ווי פּאַסטוכער אין טאָל
געטרויבערט האָבן אַ באַראַן אַ שיינעם,
א יונגינקן און טאַקע ניט קליינעם —
און אַלע הינט געלעגן זיינען שטיל ווי טויבן,
האָט אין פאַרדראָס אַ זאָג געטאָן אַליין צו זיך:
— „וואָס פאַר אַ טומל, פריינט, איר וואָלט דאָ אויפגעהויבן,
ווען דאָס געטאָן וואָלט איך!״ ...

# דער חזיר אונטערן דעמב

א חזיר האָט מיט זשאָלעדעס
זיך אָנגעפרעסן אונטער אַלטן דעמב,
און נאָכדעם, לויט זיין דבר-אחר׳ס שטייגער, טעמפּ
און ניט געקלערט,
גענומען גראָבן אונטער בוים די ערד.
— „וואָס טיסטו דו דאָס? ניט גראָב!“ —
באַמערקט האָט אים פון בוים דער ראָב, —
„וועסט אויפדעקן די וואָרצלען — וועט דער בוים פאַרדאַרן“.
— „איז וואָס? מיך הייבט ניט אָן גאָר פאַרן דעמב צו אַרן“.—
געענטפערט האָט דער שוויין, —
„אַבי נאָר חזיר-ניסלאַך זאָלן זיין,
פון זיי ווער איך דאָך פעט און דיק!“
— „ווען דו וואָלסט זיין אימשטאַנד דיין בליק
אַביסל העכער אויפצעהויבן,“ —
האָט אָפּגערופן זיך צו אים דער ראָב, —
„וואָלסטו דערזען, רב כראָפּ,
אַז פון דעם זעלבן בוים פון אויבן
פאַלן דאָס צו דיר די זשאָלעדעס אַראָפּ“.

# דער היענעם שפּאַציר

אין שיין פון דער לבנה האָבן רייצנד, ווילד
א מחנה יונגע לעמפּערטן ביים שטראָם געשפּילט;
ערשט מיט אַמאָל זיי זעען א היענע גייט.
זיי האָבן אַלע זיך צו איר געלאָזט מיט פרייד:

— „פאַרבלייב מיט אונדז; מיר האָבן ערשט געהערט,
אַז באַלד וועט מען דאָ דורכטרייבן דעם סולטאַנס פערד,
א הונדערט שטיק!
דו ווייסט דאָך ווי זיי זיינען אָנגעפּאַשעט, דיק!
און גאָר א קליינע וואַך וועט זיי באַגלייטן...
דו קום מיט אונדז, פאַרשטייסט דאָך שוין אַליין
וואָס פאַר אַן אָנבייסן מיר האָבן דאָ א גרייטן".

— „א דאַנק, איך קאָן מיט אייך ניט גיין" —
האָט די היענע ניט געוואָלט א רגע שטיין.
— „וואוהין? וואָס איילסט דו זיך אַזוי?" —

איז פון די לעמפערטן געוואָרן אַ געשריי. —

— „איך גיי אויפן בית־עלמין . . . צו די טויטע לייט" . . ,—

האָט די היענע זיי געשמייכלט פון דער ווייט.

---

אויך איך האָב אין די יונגע טעג

פון לעבן

באַגעגנט די באַרימטקייט אויף מיין וועג, —

נאָר דער היענעס ענטפער האָט זי מיר געגעבן . .

## דער האָז

א נייער יאָר קומט אָן; און יעדער איינער וויל
דער אומזיניקער וועלט אַ טרייסט־וואָרט זאָגן,
פּילייכט וועט גרינגער זיין די לאַסט צו טראָגן..
און איך האָב אויך דעם זעלביקן געפיל, —
דאָך וויים איך ניט צי וועל איך קאָנען,
כאָטש אויף אַ רגע ברענגען טרייסט צו אייך...
דעריבער לאָמיך בעסער זיך פאַר אייך
אָן אַ ל ט ע מעשה'לע דערמאָנען.

---

אַ האָז,
האָט ליגנדיק אין גראָז
אין גרוים פאַרביטערונג געטראַכט:
— „צו וואָס האָט מיך דער מזל אויף דער וועלט געבראַכט?
איך ציטער דאָך פאַר יעדער זאַך, פאַר יעדן ווינטל,
פאַר יעדן רויש פון בלאַט, וואָס פאַלט אַראָפּ;
און הייבט אָן בילן וואו אַ הינטל —
פאַרליר איך דאָך אינגאַנצן גאָר מיין קאָפּ...
איך ציטער,
איך האָב קיין רו אפילו ניט אין שלאָף;

ווי ביטער
עס זאָל דער טויט ניט זיין —
אַלץ בעסער ווי אַ לעבן פול מיט פּיין
מיט פּחדים און מיט שרעק"...
אַזוי האָט ער באַשלאָסן, און איז באַלד אַוועק
אין טייכל זיך דערטרינקען.
נאָר צוקומענדיק נעענטער צום טייך,
האָט ער דערזען ווי זשאַבעס האָבן גלייך
אין וואַסער שנעל פון אים גענומען שפּרינגען.
— „אַהאַ?", — איז דאָ דער האָז געבליבן שטיין ביים ברעג.
„ווייזט אויס, עס קאָן נאָך געבן,
אַז א י ך זאָל אַנוואַרפן אויף עמיצן אַ שרעק!
נו — אויב אַזוי איז שוין כדאי צו לעבן".

# דער קוואַרטעט

אַ מאַלפּע און אַ בער, אַן אייזל און אַ באָק
באַשלאָסן האָבן אין אַ שיינעם טאָג
צו שפּילן אַ קוואַרטעט אין וואַלד;
זיי האָבן נאָטן, פידלען צוויי, אַ באַס און אַלט
פון ערגעץ־וואו באַקומען, —
און זיך צעזעצט ביים וועלדל אויפן פעלד,
באַצויבערן מיט זייער קונסט די וועלט.
זיי האָבן פלייסיק צו די כלים זיך גענומען,
מען גרילצט, מען רייסט — נאָר ס'קומט עפּעס ניט אויס . . .
— „וואַרט אויס!" —
האָט דאָ די מאַלפּע אויפגעהויבן אַ געשריי, —
„ווי שפּילט איר דאָס? איר זיצט דאָך ניט אַזוי!
דו, מיטן באַס, רב בער,
קום זעץ זיך, קאָרשט אַהער.
און איך — אַנטקעגן מיט דער צווייטער פידל,
וועט דאַן אַוועק שוין גאָר אַן אַנדער לידל,
און באַלד
אַרויסגיין וועט ביי אונדז צום טאַנץ דער גאַנצער וואַלד".
זיי האָבן ווידער אויסגעזעצט זיך פון דאָס ניי —

נאָר דער קוואַרטעט דערביי
האָט וויינִיק-וואָס געוואונען.
— „ציט אויף! איך האָב דעם סוד געפונען!"
איז דאָ אַרויס דער אייזל מיט געשריי, —
„מיר מוזן זיך צעזעצן אַלע אין אַ ריי,
ערשט דעמאָלסט וועלן מיר דעם רעכטן שניט באַקומען".
מען האָט דעם אייזלס עצה אויפגענומען,
און אַלע אין אַ צייל צעזעצט זיך אויף די גראָז.
נאָר דאָס האָט אויך געהאָלפן וויניק-וואָס . . .
דאָ האָבן אַלע זיך גענומען היצן
און קריגן זיך אַלץ מער און מער,
וואו, ווער
און ווי אַזוי זאָל זיצן.
אויף זייער טומל און געשריי
איז דאָרט אַ נאַכטיגאַל פאַרבייגעפלויגן,
און אַלע האָבן זיי
געווענדט צו איִם די אויגן
מיט אַ געבעט:
— „העלף אויס, און ברייננג אַ סדר אונדז אין דעם קוואַרטעט.
מיר האָבן נאָטן, כּלים און מיר ווילן בלויז,
דו זאָלסט אונדז זאָגן ווי אַזוי מען זעצט זיך אויס".
— „צו זיין אַ מוזיקער — באַדאַרף מען קענען פיל,
און האָבן איידלערע אויערן", — האָט שטיל
דער נאַכטיגאַל זיי דאָ געגעבן צו פאַרשטיין.
„און איר? איר מעגט זיך זעצן ווי איר ווילט אַליין, —
דאָך פאַלט מיר איין,
אַז איר וועט, ליבע פריינט, קיין מוזיקער ניט זיין".

# דער פוקס און די ווינטרויבן

א הונגעריקער פוקס איז אין א סאַד אריין;
דאָרט זיינען הענגלאַך ווײנטרויבן געהאנגען
זיך רויטלענדיק אין שיין;
דעם פוקס איז זיך דאָס חיות גאָר צעגאַנגען!
און דאָ די טרויבן גליען ווי רובינען רויט;
א צרה, אָבער, וואָס מען קאָן זיי ניט דערלאַנגען...
און ווי דער פוקס האָט זיך דאָרט ניט געדרייט
אַרום די ווײנשטאָקן פון אַלע זייטן,
האָט נאָר פון ווייטן
דאָס אויג געזען; גאָר ניט דערגרייכט צום צאָן...
ניט קאָנענדיק דאָרט קיינזאַך טאָן,
איז אונדזער פוקס אוועק און האָט מיט גרויס באַדויער
א זאָג געטאָן צו זיך אַליין:
„די טרויבן זיינען טאַקע אויפן אויסקוק שיין,
נאָר נאָך ניט צייטיק; גרין און זויער,
עס ווערט פון זיי א סקאָמע אויף די ציין"...

# דער פאַבל־שרייבער און דער אייזל

צום פאַבל־שרייבער איז אַמאָל
דער אייזל אַ פאַרביטערטער געקומען:
— „דו האָסט אין דיינע מעשהלאַך מיך אַלעמאָל
אַלס ביישפּיל פון אַ נאַר גענומען,
און מיך פאַר לייט אין לאַנד
געמאַכט צו שפּאָט און שאַנד, —
דעריבער איז ניט מער ווי רעכט, רב נחום,
אַז דו זאָלסט אויסקויפן אַצינד
אַנטקעגן מיר דיין זינד,
און שרייבן עפּעס וועגן מיר ווי פון אַ חכם״...
— „ס׳וועט גאָרניט העלפן דיר״, —
געענטפערט האָט דער פאַבל־שרייבער מיט אַ שמייכל, —
„ווייל ס׳איז דער גאַנצער וועלט באַוואוסט דיין שכל
אַפילע פריער איידער מיר״...